# ש. ש. פרוג

## אויסגעוויילטע שריפטען

פאַר אידישע שולען און היימען.

---

מיט דער ביאָגראַפיע פון פרוגן און אַ ווערטערביכל
פון די שווערערע ווערטער.

צוזאַמענגעשטעלט פון
יעקב לעווין

---


היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני
50-52 עלדרידזש סטריט
ניו-יאָרק.

# אינהאַלט.

# אַ פּאָר ווערטער פונ'ם צוזאַמענשטעלער.

די אידישע קלאַסיקער זיינען די, וועמען מען דאַרף אַממערסטן אריינברענגען אין דער אידישער שול און אויך אַמברייטסטן פאַרשפּרייטן צווישן די אידישע מאַסן. אָבער די פולע אויסגאַבן פון די געזאַמלטע ווערק פון די אידישע קלאַסיקער קאָנען פון די שול-קינדער און אפילו פון דעם ברייטן עולם ניט באַנוצט ווערן.

די פולע אויסגאַבן זיינען ערשטנס צו טייער און דערפאַר ניט צוגענגלאַך. צווייטנס האָבן זיי ניט קיין שום דערקלערונגען צו די שווערע ווערטער און אויסדרוקן, באַזונדערס צו די העברייאישע, און דעריבער קאָנען די קינדער און אויך דער ברייטער אידישער עולם פּשוט ניט פאַרשטיין זייער פיל און אָפטמאָל די בעסטע זאַכן פון אונזערע קלאַסיקער. און דריטנס — האָבן די פולע אויסגאַבן זייט ביי זייט מיט די וויכטיקע אויסגעצייכנטע זאַכן אויך ווייט ניט אינטערעסאַנטע זאַכן, וואָס ניט לייענדיק זיי, קאָן מען גאָרנישט פאַרלירן, סיידן מען וויל לייענען דווקא אַלץ, וואָס דער שרייבער האָט אָנגעשריבן, — ניט אַזוי צוליב די זאַכן גופא, ווי צוליב דער כאַראַקטעריסטיק פון דעם שרייבער (ריכטיקער צוליב אויסגעפינען געוויסע נעגאַטיווע שטריכן פון דעם שרייבער).

די עלטערע שול-קינדער אונזערע איז אויסערדעם נאָך ניט אַלע מאָל מעגלאַך צו געבן לייענען די געזאַמלטע ווערק פון אונזערע שרייבער צוליב דער פאַרעלטערטער אָרטאָגראַפיע, אין וועלכער זיי זיינען געזעצט, און אויך צוליב דעם, וואָס אין דעם זעלבן באַנד קאָנען זיין סיי די בעסטע און צוגענגלאַכסטע זאַכן, סיי אַזעלכע, וואָס מען קאָן און מען טאָר קינדער נאָך ניט געבן לייענען.

ווען מען וויל דעריבער, אַז אונזערע קלאַסיקער (און ניט נאָר אונזערע קלאַסיקער, נאָר בכלל די בעסטע שרייבער) זאָלן געלעזן ווערן פון די עלטערע קינדער אונזערע און פון דעם ברייטן אידישן עולם, דאַרף מען זיי געבן ניט קיין פולע אויסגאַבן, נאָר די אויסגעווײלטע, בעסטע און כאַראַקטע-

ריסטישע ווערק פון די קלאַסיקער, כדי זיי זאָלן אָט די ווערק קאָנען איינשאַפן זיך און דורך זיי צוגעוואוינען זיך צו לייענען און פאַרשטיין — און ליב באַקומען די אידישע ליטעראַטור.

עס איז אויך נייטיק צו באַזאָרגן אָט די ספּעציעלע אויסגאַבן מיט א ווערטערביכל, וואו די שווערערע ווערטער — די העברייאישע, די רוסי-ציזמען, לאָקאַליזמען א. ד. ג. זאָלן פאַרטייטשט ווערן. עס איז אויך ווינשנס-ווערט, אַז אין אַזעלכע אויסגאַבן פון אויסגעווײלטע ווערק זאָלן די איינ-צעלנע זאַכן איינגעשטעלט ווערן אין אַזאַ סדר, אַז זיי זאָלן אַמבעסטן קאָנען דערלערנט ווערן ליטעראַטור-היסטאָריש.

אָט די דאָזיקע זאַמלונג פון ש. פרוגס ווערק איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן מיט דעם אָנגעוויזענעם צוועק און אין דעם אָנגעוויזענעם סדר. אין בוך גייט אויך אַריין די ביאָגראַפיע פון פרוגן. די אָרטאָגראַפיע פונ׳ם בוך איז די, וואָס די ניו-יאָרקער אָרטאָגראַפישע קאָמיסיע האָט אָנגענומען, און וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין אַלע אידישע שולן.

יעקב לעווין



# ביאָגראַפיע פון ש. ש. פרוג.

ש. ש. (שמעון שמואל) פרוג איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1860 אין באָבראָוויקוט, אַ אידישער ערד-ארבעטער-קאָלאָניע אין כערסאָנער גובערניע, דרום רוסלאַנד. זיין פאָטער משה-צבי איז געווען אַן אָרימער קאָלאָניסט, אַן איינפאַכער אָבער ערלאַכער מאַן.

דאָס לעבן אין דער קאָלאָניע באַשרייבט שפּעטער פרוג אין איינעם פון זיינע לידער אַזוי:

„עס האָרעווען דאָרט אידן פון קינדווייז ביז׳ן טויט,
און עסן דאָרט אין פרידן אַן אייגן שטיקל ברויט".

ביז 9 יאָר האָט שמעון-שמואל, גלייך ווי אַלע אַנדערע קינדער פון יענער צייט, געלערנט אין חדר. דאָרטן האָט ער זיך אַביסל באַקאַנט מיט׳ן תנ"ך און מיט דער גמרא.

צו 9 יאָר איז ער אָנגעקומען אין דער דאָרף-שול. ער האָט דאָרט פאַרבראַכט דריי יאָר און אויסגעלערנט זיך לייענען און שרייבן רוסיש ווי אויך אַביסל רעכענען. צו צוועלף יאָר האָט פרוג פאַרענדיקט די דאָרף-שול, און דערמיט האָט זיך אויך פאַרענדיקט זיין אָפיציעלע בילדונג.

אָבער פרוגס דורשט צו בילדונג האָט זיך ערשט דאַן אָנגעהויבן. ער האָט פאַרגעזעצט צו לייענען, צו לערנען זיך אַליין, אָן דער הילף פון לערער, אַזוי ווי הונדערטער און טויזנטער אַנדערע אידישע יונגע לייט פון יענער צייט.

אַזוי ווי שמעון שמואל איז געווען איינער פון די „געבילדעטסטע" אין דער קאָלאָניע, האָט ער געהאָלפן פ י ר ן די ביכער ביי דעם סטאַראָסטע (דעם עלטסטן) פון קאָלאָניע.

דאָס לעבן אין דער קאָלאָניע און די שיינע נאַטור אַרום האָט אויף פרוגן געמאַכט אַשטאַרקן איינדרוק. ער איז געווען איינער פון די ווייניקע אידישע קינדער, קומענדיקע שרייבער, וואָס האָבן פון קינדווייז אויף איינגעזאַפּט אין זיך די שיינקייט פון דער נאַטור און געפילט די נאַטור און געקענט זי ניט פון באַשרייבונגען פון ביכער, נאָר פון אייגענעם נאָענטן באַריר מיט איר אין משך פון זיין גאַנצער קינדהייט און יוגנט.

ווי גוט דער יונגער פרוג האָט זיך געפילט אין דער קאָלאָניע אויף דער פרייער נאַטור, באַשרייבט ער אין איינעם פון זיינע לידער אַזוי:

און גוט און זיס איז מיר געגאַנגען
אין יענער ליבער צייט:
דאָרט האָבן געלע זאַנגען
גערוישט פון יעדער זייט.
דאָרט האָט די גרינע בלעטער
אַ ווינטעלע געוויגט;
אַ ליבעס, זיסעס ווינטל
מיין יונגע ברוסט געקוויקט.

אָבער די קאָלאָניע איז געווען צו ענג פאַר פרוגן. ער האָט אין איר לאַנג נישט געקענט פאַרבלייבן, אים האָט געצויגן אין דער ברייטער וועלט. און צו 16 יאָר פאַרלאָזט ער זיין געבורטס-אָרט און גייט אַוועק אין דער גרויסער שטאָט כערסאָן. דאָרטן קומט ער אָן צום ראַבינער אין „קאַנצעליאַריע" (אין אָפּיס) אַלס „שרייבער" צו פירן די מעטריקע-ביכער. אין דער זעלבער צייט אָבער, זעצט פרוג פאָר זיין זעלבסט-בילדונג.

אין דער „קאַנצעליאַריע" פון דעם ראַבינער האָט זיך פרוג באַגעגנט מיט פאַרשיידענע אידישע טיפּן און מיט דעם אידישן לעבן בכלל; און דאָס איז אים שפּעטער שטאַרק צוניץ געקומען אַלס מאַטעריאַל פאַר אַ גאַנצער רייע הומאָריסטישע און סאַטירישע לידער, אין וועלכע ער מאָלט דאָס אידישע לעבן.

אין כערסאָן האָט זיך פרוג צופעליק באַקאַנט מיט אַ נידעריקן רוסישן באַאמטן, וואָס האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין אָן אָדעסער צייטונג. דער באַאמטער האָט באַמערקט אין פרוגן ליטעראַרישע פייאיקייטן און אויסגעלערנט אים די כללים פון שרייבן לידער. פרוג האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער אין דער רוסישער שפּראַך. דאָס ערשטע ליד פרוגס איז ערשינען אין דעם וועכענטלאַכן אידיש-רוסישן זשורנאַל „ראַזסוועט" אין 1880. דאָס ליד האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק און האָט געצויגן אויף דעם יונגן דיכטער די אויפמערקזאַמקייט פון דער אידיש-רוסישער אינטע-ליגענץ. און שוין אין 1881 ווערט פרוג איינגעלאַדן צו קומען אין פּע-טערבורג. די דאָרטיקע אינטעליגענץ האָט אויסגעווירקט ביי דער רעגירונג

וואוינרעכט פאַר דעם יונגן פּאָעט. אין פּעטערבורג הייבט פרוג אָן מיט-צואַרבעטן אין אַ רייע אידיש-רוסישע און רוסישע אויסגאַבן, און ער ווערט אין גיכן גאַנץ באַרימט.

פרוג האָט אין זיינע רוסישע לידער זייער פיל אויסגענוצט די לע-גענדעס פון דער ביבל און פון מדרש, און בכלל אידישע לעגענדעס. איינס פון זיינע לידער — „דער כוס" (אין רוסיש — „די לעגענדע וועגן כוס"), אין דער איבערזעצונג פון י. ל. פּרץ ברענגען מיר דאָ.

ד ע ר   כ ו ס

„זאָג מיר, מאַמעשע, איך בעט דיך,
איז דאָס  א מ ת ,  וואָס עס האָט
מיר דערציילט דער אַלטער זיידע,
אַז אין הימל דאָרט פאַר גאָט
שטייט,  כ ב י כ ו ל ,  שטייט אַ בעכער,
און ווען מיר מוטשען זיך דאָ שווער,
האָט דער גרויסער גאָט  ר ח מ נ ו ת ,
לאָזט אין  כ ו ס  אַריין אַ טרער?" —
— „ א מ ת ,  קינד מיינס!" — „זאָג נאָך, מאַמע,
איז דאָס אויכעט  א מ ת  זיכער,
אַז קומען דעמאָלט וועט  מ ש י ח ,
ווען פאַרפולט וועט זיין דער בעכער?" —
„ א מ ת !" — און דאָס קינד פאַרקלערט זיך,
וואַרט אַ  ר ג ע  טרויעריק שטיל;
פרעגט דערנאָכדעם: „ווען-זשע, מאַמע,
וועט דער בעכער זיין שוין פול?" —
און ער הייבט די בלויע אויגן
טרויעריק צו דער מוטער אויף;
„צי איז אָן אַ דנאָ דער בעכער,
וואָס מיר ליידן אָן אַ  ס ו ף ?
וואָס מיר ליידן אויס אין  ג ל ו ת ,
און דער  כ ו ס  וויל פול נישט ווערן?
א פ ש ר  טריקענען דורך די יאָרן

אינ'ם בעכער אוים די טרערן ?" —

און צערודערט בלייבט די מוטער
אויפ'ן פרומען קינד געבויגן ;
און עס ציטערן די ברעמען
איבער טרויעריק-פייכטע אויגן ;
און עס פאַלן צוויי בריליאַנטן
אויפ'ן קינדס פאַרקלערטן שטערן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

גאָט אין הימל, האָב ר ח מ נ ו ת ,
נעם אין כ ו ס אַריין די טרערן !

פרוג האָט זיך אָפּגערופן אין זיינע רוסישע לידער אויך אויף אַלע וויכטיקע ערשיינונגען אין דעם ארומיקן לעבן.

אין 1881 קומען פאַר די ערשטע אידישע פּאָגראָמען אין דרום רוסלאַנד. און באַלד נאָכדעם פאַרשפּרייט זיך צווישן די אידן אין רוסלאַנד א ברייטע כוואַליע פון נאַציאָנאַלער ערוואַכונג. די אַלטע שטרעבונג צו אַסימילירן זיך, צוצופּאַסן זיך צו דער אַרומיקער קולטור און צו פאַרלאָזן די אייגענע, — די שטרעבונג וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן צווישן די אידן אין רוסלאַנד אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, האָט געמוזט אָפּטרעטן דעם אָרט פאַר נאַציאָנאַלע שטימונגען, עס הייבט זיך אָן אַנט-וויקלען די חובבי-ציוניסטישע באַוועגונג און שפּעטער די ציוניסטישע, — די באַוועגונג, אומצוקערן זיך אין פּאַלעסטינע און אָנצוהייבן באַשעפטיקן זיך מיט ערד-אַרבעט. פרוג מאַכט דורך די זעלבע אַנטוויקלונג. און זיינע רוסישע לידער זיינען דורכגעדרונגען מיט אַן אינטענסיוון נאַציאָנאַלן געפיל.

פרוגס רוסישע לידער שטייען סיי לויט זייער פאָרם, סיי לויט זייער אינהאַלט אויף אַ גאַנץ הויכער שטופע. אָבער אַלס א י ד י ש ע ר דיכטער הייבט פרוג אָן צו האָבן אַ באַדייטונג ערשט דאַן, ווען ער הייבט אָן צו שרייבן אין אידיש.

עפּעס אזוי ווי ער וואָלט געפילט, אַז זיינע לידער קענען ניט דער-גרייכן צו די ברייטע מאַסן, כל זמן ער שרייבט ניט אויף דער שפּראַך, אויף וועלכער אָט די מאַסן ריידן, הייבט פרוג אָן — און מיט גרויס ערפאָלג — צו שרייבן אויף אידיש. ער נעמט אַן אָנטייל אין אַזעלכע אויסגאַבן ווי

דאָס „אידישע פאָלקס-בלאַט", „הויז פריינד", „אידישע פאָלקס-ביבליאָ-טעק", און „יוד", און שפּעטער איז ער געווען אַ מיטאַרבעטער אין דער ערשטער מאָדערנער אידישער צייטונג „דער פריינד". ער האָט דאָרט גע-שריבן לידער און פעליעטאָנען. ער פלעגט זיך אָפּרופן אויף פאַרשידענע ערשיינונגען אין דעם אידישן לעבן.

אָבער זיין באַציאונג צו זיין ליטעראַרישער טעטיקייט אין אידיש איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי ערנסט, ווי צו זיין רוסישער ליטעראַרישער אַרבעט. ער האָט געקוקט אויף אידיש, ווי אויף אַ זשאַרגאָן, און אַזוי איז געווען זיין באַציאונג צו דער שפּראַך פון די אידישע מאַסן ביז זיינע לעצטע יאָרן.

ער האָט ניט איינמאָל ניט נאָר אין לידער, נאָר אויך אין פּובליציס-טישע אַרטיקלען אָפן אַרויסגעוויזן זיין גרינגשעצונג צו אידיש, און ער האָט דערמיט אַרויסגערופן דעם כעס פון דער אידישיסטישער אינ-טעליגענץ. אָבער ניט קוקנדיק אויף אָט דער ניט שיינער באַציאונג צו אידיש, האָט דאָך פרוגס ליטעראַרישע טעטיקייט אין אידיש אַ גרויסן ווערט.

פרוג איז זיין גאַנץ ווייטערדיק לעבן כמעט כסדר אָפּגעווען אין פּעטער-בורג, הגם ער האָט ניט איין מאָל גאָר אַ היבש ביסל צרות געהאַט מיט דער פּעטערבורגער פּאָליציי צוליב דער פראַגע פון וואוינרעכט. די לעצטע יאָרן איז דער טעמפּ פון פרוגס שאַפן געוואָרן שוואַכער. ער האָט אָנגע-הויבן שרייבן אין צייטונגען צוליב פּרנסה וועגן, צעביטן זיין אַרבעט אויף קליינקייטן. ער איז געשטאָרבן אין פּעטראָגראַד אין 1916. אויפ'ן 56-סטן יאָר פון זיין לעבן.

י. ל.

# אַ מעשה׳לע
# פון אַ געוועזענעם ערד-אַרבעטער.

אַ דערפל איז פאַראַנען,
עס הייסט באָבראָווי-קוט *) ;
אַמאָל איז דאָרט געשטאַנען
מײַן וויגעלע... און גוט

און זים איז מיר געגאַנגען
אין יענער ליבער צײַט :
דאָרט האָבן געלע זאַנגען
געררוישט פון יעדער זײַט.

דאָרט האָט די גרינע בלעטער
אַ ווינטעלע געוויגט ;
אַ ליבעם, זיסעם ווינטל
מײַן יונגע ברוסט געקוויקט.

עס האָרעווען דאָרט אידן
פון קינדווײַז ביז׳ן טויט,
און עסן דאָרט אין פרידן
אַן אייגן שטיקל ברויט.

פאַרגאַנגען זענען יאָרן,
איך בין פון דאָרט אַוועק,
בין צוגעגרייט געוואָרן
גאָר צו אַן אַנדער צוועק :

ניט מיט דער סאָכע גייען
פון אָרימקײַט און נויט,
און אַקערן און זייען
אַלץ פאַר דעם שטיקל ברויט.

---

*) אידישע ערד-ארבעטערישע קאָלאָניע אין דרום-רוסלאַנד.

גײַן; שטאַרק איז װי אַ צעדער
און שטאָלץ מײַן האַרץ אין מיר;
מײַן סאָבע איז די פעדער,
מײַן פעלד איז דאָס פּאַפּיר!

די פעדער איז מײַן סאָבע,
מײַן פעלד איז דאָס פּאַפּיר,
און װאָס פאַר מזל-ברכה
איז אָנגעגרײַט פאַר מיר!

מען לעקט פון מיר די פינגער,
עס קלינגט מיט מיר אַ װעלט;
כאָטש װאָס איז, דאַכט זיך, גרינגער? —
מאַך לידלאַך און נעם געלט.

יאָ, איך מאָג זײַן צופרידן,
ניט ערגער ביז'ן טויט.
אײנם פעלט נאָר, ליבע אידן,
נאָר אײנם —
דאָס שטיקל ברויט!...

---

## מײַן ליד.

איך בין אַ חזן אָן אַן עמוד
כמעט שוין פינף און צװאַנציק יאָר.
דאָך קלינגען מײַנע תפילות תמיד,
און כ'האָב דערצו אַ שײנעם כאָר.

אַ גרויסן כאָר פון אַלע סאָרטן,
פון אַלע שטימען אויף דער װעלט:
מיליאָנען פײגעלאַך אין גאָרטן,
מיליאָנען קװײטעלאַך אין פעלד.

דער ווײַנשטאָק איז מיט מיר מתפלל
אויף טל-ומטר אין דער צײַט;
די וועלדער זאָגן מיט מיר הלל;
עס קלינגט און זינגט פון יעדער זײַט.

דער שטורעם העלפט מיר בלאָזן תקיעות —
ער האָט אַ שופר גאָר אַ פּראַכט —
און הערן ממש איז אַ חיות
זײַן בלאָזן אין אַן אָסיען-נאַכט.

מיר זינגט די זון מכלכל-חיים,
הושענות שלאָגט דער ווינט בײַם טײַך...
און מיט אַ ניגון גאָר אַ נײַעם
וויל איך די לידער זינגען אײַך.

מײַן האַרץ איז אָבער ווי אין רינגען
געפּאַסט, און ווײַנען ציט עס מיך;
מיט וואָס איך הייב ניט אָן צו זינגען, —
מיט „מן-המצר" ענדיק איך...

---

## דריי חברים.

מיר זײַנען געווען דרײַ חברים, דרײַ פרײַנד,
אַזעלכע, וואָס זײַנען ניטאָ שוין מער הײַנט:
אליקום דער רויטער און נחמן קלאָרנעט
און איך, אײַער איצטיקער בידנער פּאָעט.

אינאײַינעם געוואַקסן, געלערנט אינאײַינעם
די הייליקע תורה, דעם גלויבן דעם ריינעם;
אינאײַינעם געדאַוונט, אינאײַינעם געשטיפט,
אינאײַינעם געטאָעמט דיזעלביקע לופט;
געגלויבט, אַז מיר וועלן זיך אייביק ניט שיידן
פון איצט ביז איה"ש דאָרט, אין גן-עדן.

און הערט, וואָס עס האָט זיך מיט אונז געפּאַסירט:
מיר האָבן אינדרײַען אין וואַלד געשפּאַצירט
מיט דרײַ שרעקלאַך־שאַרפּע און שפּיציקע מעסער —
בײַם מלאך־המות אַוודאי ניט גרעסער.

איר מײנט אפשר גזלנ׳ען, — גאָט איז מיט אײַך! —
הושענא׳ס צו אָנשנײַדן דאָרט לעבן טײַך.
די שטראַלן פון מערב־זײַט האָבן, שוין קאַלטע,
באַלויכטן אַ ווערבע אַ קרומע, אַן אַלטע. —
און דאָרטן דערזעען מיר — זיצט אויף אַ שטײן
א ל י ה ו   ה נ ב י א   אַלײן.

* * *

און מיט אַ קול אַ פרײַנדלאַכן און שטילן
האָט ער געזאָגט אונז: „ — ליבע קינדער, הערט,
איך וועל אײַך זאָגן, וואָס מיט גאָטעס ווילן
איז אויף דער וועלט אין לעבן אײַך באַשערט:

„אליקומ׳ס קול וועט ווי אַ דונער ברומען,
און מענער, ווײַבער, קינדער, גרויס און קלײן,
אים הערנדיק, זיך בײגן ווי די בלומען
אין שטורעם וועלן און פון געוויין צעגײן.

„דו, נחמן, וועסט זײַן ווײַט פון אַלע שמאַרצן;
וואו נאָר מען וועט דײַן קול דערהערן, דאָרט
וועט ווערן גרינג בײַ יעדן אויפ׳ן האַרצן,
וועסט ברענגען פרײד און ליכט אין יעדן אָרט.

— און איך? — „מײַן קינד, פיל טרויער און פיל פרײדן,
פיל גליק און אומגליק דיר דײַן מזל טראָגט:
דיר איז באַשערט וואָס זײ אינאײנעם בײדן.“ —
האָט אליהו מיר געזאָגט.

* * *

פאַרגאַנגען זײַנען טעג, חדשים, יאָרן...
אליקום איז אין פוילן לאַנג אַוועק:

א בעל־תוקע איז ער דאָרט געוואָרן,
און פון זײַן קול נעמט ממש אָן א שרעק...

אַ קלעזמער איז געוואָרן נחמן: שפּילן
אויף חתונות גייט ער פון אָרט צו אָרט,
און הערנדיק זײַן פידל, מענשן פילן
אין האַרצן יוגנט, פרייד און טאַנצן דאָרט...

און איך, רבותים? ווײַ צו מײַנע יאָרן!
דער נביא האָט פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט:
אַ אידישער פּאָעט בין איך געוואָרן.
און וואָס באַדײַט בײַ אידן אַ פּאָעט?

אַ בעל־תוקע מיט אַ קלעזמער, ברידער!
בלאָז שופר, ביז די כוחות גייען אויס;
שפּיל, פידעלע, בלאָז שופר, בלאָז און ווידער
שפּיל, שפּיל ביז די נשמה וועט אַרויס...

שלאָף און רו — אַלץ פאַריאָג,
און אין פרייד און אין פּלאָג
שפּיל, בלאָז נאָר אַ טאָג נאָך אַ טאָג!...
און איך לאַך, און איך קרעכץ,
און איך זינג, און פון שמאַרץ
צעגייט זיך, צערײַסט זיך מײַן האַרץ.

---

## אַ בלעטל ווידוי.

ווי פויל און ווי שלעפעריק קריכן די טעג,
ווי גיך אָבער פליען די יאָרן!
ווײַט, ווײַט איז נאָך ביז צו דעם עק פון מײַן וועג,
און זעט, ווי איך בין שוין פאַר׳חושכ׳ט געוואָרן!

געבויגן דער רוקן און גרוי איז דאָס האָר,
פאַרטריקנט די באַקן, אין קנייטשן דער שטערן,

— ש. ש. פרוג

די אויגן פאַרטונקלט פון ביטערע טרערן...
אַך, ברידער, — מיר גייט ערשט דאָס דרייסיקסטע יאָר!...

„בן שלשים לכוח!“ — נו טאַקע, ווי דען?
איר ווייסט דאָך, דאָס זאָגט די גמרא...
טאָ נעמט זשע, זייט מוחל, איך בעט אייך, אַ פען,
און רעכנט נאָר אויס, קיין עין-הרע,

אַ קימא לן, וויפיל דאַרף זיין איבעראַל
ביי אידן גיבורים? — אַ שרעק בנאמנות!
אין לוצין, אין פינסק, אין בערדיטשעוו —
אַ כלל —
אַ פאָלק פון גיבורים — אַן אימה, סכנות!

אַ פאָלק פון גיבורים! און וואו נאָר אַ איד —
אַ גלית הפלשתי, אַ שמשון הגיבור!
עס קאָכט ווי אַ קעסל, עס ברומט און עס זידט,
עס ציטערט די ערד אונטער אים ווי פון פיבער.

מע אַרבעט, מע הוליעט, מע טרינקט און מע עסט,
מע באָדט זיך אין שפע; און וואו נאָר אַ הייזל,
און וואו נאָר אַ מנין, און וואו נאָר אַ קלייזל —
אַ לאַגער פון לייבן, פון אָדלערס אַ נעסט!

אַך, לייבן און אָדלערס! איך בין אויך אַמאָל
אַן אָדלער געוועזן: מיט ליכטיקע אויגן,
מיט קראַפט און מיט האָפנונג אויף בערג און אויף טאָל,
אויף טייכן און פעלדער געשוועבט און געפלויגן;

מיך האָבן די שטערן פון הימל געגריסט,
די וואָלקנס צו פוסן געשפּרייט זיך,
די וועלדער געזונגען, די טייכן געפליסט —
געזונגען, געשיינט און געפרייט זיך.

די וועלדער און פעלדער אַרום און אַרום,
די וואָלקנס און שטערן, די טייכן און קוואַלן,

דאָס גרינינקע בלאַט און די ראָזעווע בלום —
באַשפּריצט מיט דעם טוי און באַשײַנט מיט די שטראַלן—

דער זילבערנער שניי און דער גאָלדענער זאַנג,
די ערד און דער הימל פון אונטן און אויבן —
אַלץ, אַלץ האָט געזונגען פון האָפנונג און גלויבן,
און זים איז געווען זייער ליבעס־געזאַנג!

די גאַנצע נאַטור איז מײַן רבי געווען:
זי האָט מיך געלערנט אי זינגען, אי שפּילן,
זי האָט מיך געלערנט אי דענקען, אי פילן,
זי האָט מיר געצײַגט, וואָס איז מיאוס און וואָס שיין,

דאָס האַרץ זאָל זײַן פריש, און דער קאָפּ זאָל זײַן ניכטער,
צו אַלץ זאָל איך האָבן אַ וואָג און אַ מאָס...
און איך בין געוואָרן, צו מזל, אַ... וואָס?
אַ דיכטער, רבותים, אַ א י ד י ש ע ר ד י כ ט ע ר!

איר ווייסט, וואָס דאָס איז? וואָס דאָס האָט פאַר אַ ווערט?
פון וואַנען דאָס נעמט זיך?... אַך, לאָזט מיך צופרידן!
פאַרשאָלטן איז דער, וועמען גאָט האָט באַשערט
צו זײַן אַ משורר... ביי אידן!

אַ משורר — אַ קלעזמער, אַ בדחן איז ער:
אַ גראַם און אַ ווערטל, אַ לידל, אַ ניגון,
אַ דריי זיך אַהין און אַ קרים זיך אַהער —
דער עולם זאָל האָבן פון אים פאַרגעניגן.

און ווי איז צו אים, אויב עס זיצט אין זײַן ברוסט
אַ לעבעדיק האַרץ, פול מיט ליבע און צאָרן,
וואָס לאָזט אים ניט מאַכן צו שפּאַט און צו לוסט
די האַרפע, וואָס איז אים געגעבן געוואָרן,

ער זאָל אויף איר שפּילן דאָס הייליקע ליד
פון האָפנונג און ליבע, ער זאָל מיט זײַן שפּילן

דערוועקן די גוטע און רײנע געפילן
פון טרײַהײַט און ערלאַכקײַט, פרײַנדשאַפט און פריד.

יאָ, ווי איז צו אים! ער וועט זײַן ווי דער קול,
וואָס שרײַט אין דער מדבר צו שטײנער און בײנער:
עס וועלן אים הערן דער באַרג און דער טאָל,
דער וואַלד און דאָס פעלד... אָבער מענשן — ניט אײנער!

אַ איד וועט זיך נעמען דאָס בערדל אין האַנט,
וועט שטײן דעם קאָפּ אויף אַ זײַט אָנגעבויגן,
וועט הערן מיט אויערן, קוקן מיט אויגן
און טאַקע פאַרשטײן... אַזוי ווי די וואַנט!...

אַך, זאָגט מיר, דערקלערט דאָס מיר ריכטיק און גוט,
וואָס איז דאָס מיט אונז געוואָרן? —
אַזוי פיל געליטן אין שרעק און אין צאָרן,
אַזוי פיל פאַרגאָסן אי טרערן, אי בלוט;

אַ טאָג גײט ניט פאַר, וואָס ער זאָל ניט צעקראַצן,
צעשטעכן אַ מכה אָט וואו נאָר אַ גליד;
עס שיטן זיך צרות ווי באָב — און אַ איד? —
אַ איד דאַרף אַ קלעזמער מיט פּויקן און טאַצן,

אַ בדחן מיט גראַמען און ווערטלאַך; אָט דאָס
פאַרשטײט ער, אויף דעם איז ער, זעט איר, אַ מבין!
עס וואַקסט אין אים פּשוט דאָס האַרץ ווי אויף הײוון,
ער טרינקט פון דעם נחת און פרײד אָן אַ מאָס;

אַ פּשטל, אַ ווערטל, אַ ניגון, אַ לידל,
אַ מעשה, אַ חידה, אַ גראַם און אַ שפּיל...
פאַר וואָס זשע זינגסטו אַזוי טרויעריק, שטיל,
מײַן פידל, מײַן אַלטע, צעבראָכענע פידל?

וואָס ווײנען און זיפצן די סטרונעס אַזוי?
עס גיסט זיך אַ קלאָג פון אַן אָבל:

„פיל יאָרן צוריק אויף די טײַכן פון בבל,
אין אײַזערנע קייטן, אויף שטיינער און שטרוי
איז עלנד געלעגן די טאָכטער פון ציון,
די וויסטע אלמנה"... „ — נו, זינג זשע מיר הײַנט
די לידער פון ציון" !... — האָט צו אים געשריען
דער פּריילאַכער, גליקלאַכער פײַנד.

„ניין, איך וועל ניט זינגען די טײַערע לידער,
די לידער פון ציון, פון הייליקן לאַנד
פאַר יענעם, בײַ וועלכן אין בלוט איז די האַנט...
זײַט שטאָלץ, מײַנע קינדער, זײַט שטאָלץ, מײַנע ברידער!

באַהאַלט זיי, די טײַערע לידער, פאַרשליסט,
באַגראָבט זיי אין אײַער פאַרקומערטן הארצן,
הילט אײַן זיי אין אײַערע ליידן און שמאַרצן,
באַדעקט זיי מיט ליבע, מיט טרערן באַגיסט !"

איך זע זי אין רוים צווישן בערן און לייבן,
וואָס רײַסן אויף שטיקער איר עלנדע ברוסט...
איך זע זי אין שפּאַניען, — צו שפּאָט און צו לוסט
איר רײַכטום, איר נאָמען, איר כבוד, איר לעבן...

איך זע זי אין פינסטערע וועלדער אַליין,
אויף טײַכן און ימים פון אַלע פיר זײַטן, —
און זיכער און שטאָלץ הויך און קרעפטיק און ריין
טוט פליען צו מיר איר צוואה פון ווײַטן:

„ — זײַט שטאָלץ, מײַנע קינדער! זײַט ערנסט, באַשיינט
דעם הייליקן נאָמען, מיט וועלכן פאַרצײַטן
איר האָט געשטאָלצירט אי פאַר גאָט, אי פאַר לײַטן!
היט אָפּ און באַשיצט אײַער ערע; באַקרוינט

דעם ליבן און טײַערן נאָמען פון ציון...
זײַט שטאָלץ, מײַנע קינדער!..."

אַט דאָס איז, רב איד,
פון אָנפאַנג געווען דאָס איינציקע ליד,
צו וועלכן מיין הארץ פלעגט זיך רייסן און ציען.

דאָס הייליקע ליד זינג איך, ברידער, אויך איצט,
עס טריפט פון מיין הארצן מיט בלוט און מיט טרערן!
עס לויכט מיר אין לעבן, עס פינקלט און בליצט,
אַזוי ווי ביינאַכט אין דער פינסטער די שטערן.

מיט פיל שווערע, זומפיקע, פינסטערע טעג
האָט גאָט מיך געטאָן אין מיין לעבן באַשטראָפן;
איך האָב אויף מיין שווערן און פינסטערן וועג
פיל גריבער, פיל שטיינער געטראָפן.

נאָר איינס איז מיין טרייסט: זאָל עס זיין נאָך גאַנץ ווייט
און לאַנג נאָך צו וואַרטן, — איך האָף אָבער, ברידער,
איך גלויב: עס וועט קומען אַ ליכטיקע צייט
פאַר מיינע פאַרוויינטע, פאַריאָמערטע לידער;

עס וועט זיך געפינען אַן ערנסטעם האַרץ,
אַ לעזער, וואָס וועט צו מיר זאָגן:
„וויש אָפּ דיינע טרערן און טו אָפּ דיין שמאַרץ:
דיין ליד אין מיין האַרצן וועל אייביק איך טראָגן!“

---

## מיין עפּיטאַפּיע *).

פיל ביטערע, פיל טרויעריקע לידער
האָב איך איינך שוין געזונגען, ליבע ברידער!
מיט אַלע כוחות, מיט דעם לעצטן צאָן
געביסן און געריסן דעם זשאַרגאָן,
געקייט די ליבע שפּראַך פון אונזער מאַמען,
געפעפערט מיט צעזור, געזאַלצט מיט גראַמען,

---

*) אויפשריפט אויף דער מצבה.

צו מאַכן זי אַביסעלע כאָטש ווײַך
און צו פאַרדושען יענעם ליבן ריח
פון ווילנער מאַרק און דענעבורגער יאַטקעס
מיט אַלערלײַ פאַרוואַלגערטע אַסטאַטקעס,
וואָס שמעקט אויף דרײַצן מײַל אַרום דעם אָרט,
וואו נאָר עס בליט כאָטש אײַן זשאַרגאָניש וואָרט...
אַך ברידער! וויפיל יאָר האָב איך צו טאָן
מיט דעם געשמאַקן, טײַערן זשאַרגאָן!
מען האָט מיך שוין געלויבט און אויך געזידלט;
איך האָב געהערט און האָב מיר אַלץ געפידלט...
נאָר אידן זײַנען דאָך אַן עם קשה עורף,
אַ ביטער פאָלק, גאָר ניט ווי אַלע לײַט:
נאָך פון דעם ים-סוף ביז דעם מדבר-חורב,
פון מדבר-חורב און ביז אונזער צײַט
האָט גאָט אַלײַן באַשײַנפּערלאַך באַוויזן,
אַז כאָטש צערײַס זיך — גלעט זיי, ליב זיי, בענש —
ניטאָ קײַן סוף צו זייערע קאַפּריזן.
הײַנט וואָס קען טאָן מיט זיי אַ שלאַפער מענש?
בפרט נאָך אַ זשאַרגאָן-מחבר?

„— שרײַבן?
איר ווילט, רב קרוב, שרײַבן? — זאָגט אַ איד. —
גוט, שרײַבט אײַך; נאָר איר זאָלט קײַן נאָר ניט בלײַבן,
ניט קומען מיט'ן בײַטשל פון יריד.
פאַרגעסט ניט, אַז איר האָט צו טאָן מיט אידן.
איז שרײַבט אַזוי — פאַרשטייט איר מיך — אַזוי,
אַז אַלע זאָלען זײַן מיט אײַך צופרידן...
פאַרשטייט איר מיך?..."

אוי, ליבע אידן! אוי!
איך האָב ביז איצט פון אַלע, אַלע זאַכן
נאָר אײנס פאַרשטאַנען: שרײַבן דאַרף מען דאָס,

למען־השם, נאָר טאַקע דאָס, פון וואָס
דער עולם זאָל הנאה האָבן, לאַכן.
„ — אַי, לאַכן! אַי אַ חיות! שרײַבט, הער פרוג!
געגוג אײַך זיפצן, כ׳לעבן, עט, גענוג!
אַ חכמה׳לע, אַ פשט׳לע, אַ וויצל,
קאַטאָוועסלאַך מיט גראַמען אָן אַ שיעור.
אַזוי, אַז יעדער אות זאָל טאָן אַ קיצל...“

איך קען עס ניט, איך קען ניט — ווײ צו מיר! —
איך קען קײַן ווילדע, קרומע חנ׳דלאַך מאַכן,
איך קען ניט לאַכן, גוואַלד — איך קען ניט לאַכן!
דערפאַר אויף מײַן מצבה, אַז מיר וועט
איה״ש דאָס לעבן געבן גט,
כדי איר זאָלט אָן מיר נקמה האָבן,
שרײַבט אויף:

„פה נטמן — אָט דאָ ליגט באַגראָבן
אַ טיפּש, אַ משוגע׳נער פּאָעט,
אַ ווילדע זאַך, אַ חסר־דעה, כ׳לעבן:
ער האָט געוויינט, געוויינט דאָס גאַנצע לעבן!!!...“

---

## פאַרדינט עולם־הבא.

מיר האָט זיך גע׳חלומ׳ט, אַז איך בין געשטאָרבן
(פון האַרצווייטיק — ניט פאַר קײַן מענשן געדאַכט! —
די קראַנקהײַט האָט פיל שוין מחברים פאַרדאָרבן,
אַ תל פון פיל אידישע־קינדער געמאַכט...)
איז בין איך געשטאָרבן... נו, מילא, פאַרשטייט איר,
עס איז דאָך קײַן חילוק ניט — פריער צי שפּעטער:
געקרענקט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ אידן, גאַנץ שטאַרק,
און... אוים פונ׳ם ועלטל — אַראָפּ פונ׳ם מאַרק!...
מען האָט מיך מלוה געווען בכבוד!

דער קאַר־חזן האָט אויף מיר ביטער געקלאָגט
מיט „אל־מלא־רחמים“; דער דין רב דוד
האָט טאַביק געשמעקט און אַ הספד געזאָגט;
נאָך אים דער ראַבינער — אַ רעדע געהאַלטן
אַ לאַנגע, אַ לאַנגע, אַן וואָג און אָן מאָס.
צוויי אידענעס האָבן די נעזער געהאַלטן
אין פאַרטוך, צוויי אינגלאַך — דעם פינגער אין נאָז...
עס האָבן די פושקעס געקלאַפּט און געקלונגען,
צען פאַר תלמוד־תורה׳ניקעס זיינען אין ריאַד
געגאַנגען און „צדק לפניו“ געזונגען...
בקיצור, געווען אַ גרויסער פּאַראַד,
אַ וואַזשנע לויה געווען...

און בשעת
מען האָט געכלאַפּאָטשעט אַזוי אַרום מיר,
איז, נעבאַך, געשטאַנען — „העני ממעש“ —
מיין בידנע נשמה אַליין ביי דער טיר.
זי איז ביי דער טיר פון גן־עדן געשטאַנען,
פאַריאָמערט, פאַר׳חושכ׳ט, אין לייד און אין פּיין;
און גיסנדיק שטראָמענווייז ביטערע טרערן,
געקלאָגט פאַר דעם מלאך: „אוי, לאָז מיך אַריין!“
„ — אַריינלאָזן? ווילסט אין גן־עדן? ביסט, כלעבן,
קיין נאַר גאָר ניט... זאָג זשע מיר, טייערעס קינד,
וואָס אויפגעטאָן האָסטו אַזוינס אין דיין לעבן?
מיט וואָס האָסטו, זאָג, עולם־הבא פאַרדינט?...“
„אוי, מלאך! איך ווייס... כ׳האָב אין לעבן פיל צרות,
פיל שמערצן געליטן: מען האָט מיך געפּלאָגט,
געשלאָגן מיט מיר, לא־עליכם, כפּרות
פאַר פרעמדע עבירות, געזידלט, געיאָגט...“
„ — ניין, ברודער, מיט דעם וועסטו גאָרנישט דאָ מאַכן:
ניין, ווייז נאָר אַרויס עפּעס בעסערע זאַכן;
די סחורה, רב איד,

וואָס דו האָסט געבראַכט פון יריד...״

„אוי, מלאכ׳ל, מלאכ׳ל! לאָז מיך צופרידן:
איך בין דאָך נישט מער — אַ מחבר געווען,
געאַקערט דאָס פעלד פון זשאַרגאָן מיט׳ן פען,
געשריבן זשאַרגאָנישע שירים פאַר אידן.
עס פלעגט מיך באַגיסן דער ביטערער שווייס
דעם משקל־השיר מיט די גראַמען צו האַלטן.
צעזור מיט נקודות... אוי, מלאכ׳ל!... כ׳ווייס,

אַ חידוש, ווי כ׳האָב דאָס געקאָנט גאָר דערהאַלטן...״
„ — האַ? וואָס? — האָט דער מלאך געטאָן אַ געשריי:—
וואָס הער איך?—וואָרט אויס נאָר, וואָרט אויס... אָן לצנות:
צעזור מיט אַ משקל?! אוי, ווי איז מיר, ווי!
דו ביסט דאָך אַ קדוש, אויף מיינע נאמנות! —
זשאַרגאָן מיט אַ משקל?! זשאַרגאָן מיט צעזור?!
קאַפּויר אי די וועלט, אי די גאַנצע נאַטור!...
קום, קרוין מיינע, קום!... ברוך־הבא!
געגוג דיר, דו ביסט שוין מיט צרות גאַנץ זאַט,
דו האָסט אויף דער ערד שוין דיין גיהנום געהאַט,
האָסט כשר פאַרדינט עולם־הבא!״



# די פידל.

## 1.

גוט מאָרגן, רבותים! דער קלעזמער איז דאָ!
אָט בין איך און אָט איז מײַן פידל...
נו, סטרונעלאַך, קינדערלאַך, לעבעדיק, פריש,
הערט אויס, כ'וועל אײַך זינגען אַ לידל:

שולמית ישראל'יק דעם קלעזמערס איז הײַנט
צו מזל געלעגן געוואָרן —
אַ אינגל געהאַט אין אַ גליקלאַכער שעה,
אויף לאַנגע און גליקלאַכע יאָרן!

מע וויקלט, מע ניאַנטשעט, מע פעסטשעט, מע זויגט,
מע גלעט און מע קושט יעדעס גלידל;
דאָס קלײַנינקע קלעזמערל וואַקסט וואָס אַ טאָג...
נו, שפּיל זשע, נו, זינג זשע, מײַן פידל!

דאָס קלעזמערל קריכט שוין פון וויגל אַרויס,
עס רעדט שוין, עס גײַט שוין פּאַמעלאַך;
דאָס קלעזמערל איז שוין אין חדר אַרײַן...
נו, סטרונעלאַך, לעבעדיק, פרײַלאַך!

עס לערנט שוין אַלף־בית... חומש... תנ"ך —
פאַרטיפט אין עניני־אמונה...
עס ווערט שוין בר־מצוה און אָט... שטיי נאָר!... טראַך!!
וואָס איז דאָס? — געלאָפּעט אַ סטרונע!...

---

## 2.

אַ טאָג נאָך אַ טאָג און אַ וואָך נאָך אַ וואָך —
עס פליען חדשים און יאָרן...
דאָס קלעזמערל איז זיך שוין, ברוך־השם,
צו מזל אַ חתן געוואָרן.

דאָס קלעזמערל איז שוין אַ חתן... אַ מאַן...
דאָס קלעזמערל איז שוין אַ טאַטע!
נישקשה, דאָס פידעלע שפּילט נאָך גאַנץ גוט —
ער זיצט נאָך „אויף קעסט“ דאָך לעת־עתה...

געקאַנטשעט די קעסט און אַרוים אויף דער גאַס...
נו, קלעזמערל, גיב נאָר תיונה!
ער כאַפּט זיך דאָס פידעלע סטראָיען און... טראַך!!
געלאָפּעט די אַנדערע סטרונע!...

---

### 3.

אַ טאָכטער, אַ בתולה, צו לײַטן שוין גלײַך;
די צווייטע איז אויך קיין עין־הרע...
אַ שידוך... אַ חתונה... חובות ווי באַב...
כאַטש טרענק זיך, כאַטש ווער אַ כפּרה!...

אַ יאָר נאָך אַ יאָר — און די עלטער קומט אָן;
הוסט, קרעכץ און קריך פאָרט נאָכ׳ן ביסן!
און בּיסלאַכווייז ציענדיק, ציענדיק זיך —
נאָך אײנע — די דריטע צעריסן!

---

### 4.

אײן סטרונע געבליבן... דאָס קלעזמערל ליגט,
עס ווילט זיך, עס גלוסט זיך נאָך שפּילן...
ער קריכט צו דער פידל, ער ציט זיך... נאָר גײַן!
צו שפּעט און אומזיסט איז זײַן ווילן;

דאָס סטרונעלע ציטערט, זי קרעכצעט, זי זיפצט...
אַ ביטערער קלאַג טוט זיך גיסן...
דאָס סטרונעלע ציט זיך און ציט זיך און... טראַך —
צעריסן — די לעצטע צעריסן!

געלאָפּעט די סטרונעס... עס ליגט אויף דער ערד
די אַלטע, צעבראָכענע פידל...
אוים פידל... אוים קלעזמער... אַראָפּ פונ׳ם מאַרק! —
געענדיקט דאָס נאַרישע לידל...

# היים און קאַלט.

נו, — מזל־טוב, רחל׳ע, מזל־טוב דיר:
אַ קינד, אַ בן־זכר געבאָרן!...
דאָס פּיצעלע קוויטשעט און שרייַט אָן אַ שיעור...
וואָס איז דאָס, דו, קליינער, וואָס איז דאָס מיט דיר?
דו ציטערסט? דערפראָרן געוואָרן?
אָך, דאָרט, אויפ׳ן הימל, וואו דו ביסט געוועזן,
איז ליכטיק און פריילאַך, און וואַרים, און שיין;
און דאָ... הערט זיך צו — בנאמנות:
דאָס פּיצעלע רעדט דאָך, עס שרייַט דאָך: „געוואַלד!“
אוי, מאַמע! ווי פינסטער איז דאָ און ווי קאַלט!...
אוי, וויי! האָב רחמנות!...“

* * *

דאָס רעדעלע דרייט זיך
אַרום אָן אָן עק;
אַ טאָג קומט צוקריכן,
אַ יאָר פליט אַוועק...

„ — גוט מאָרגן אייַך, רבי!“ — „גוט מאָרגן! אַנו!
אַט זעץ זיך אַקאָרשט נאָר אַנידער
און נעם זיך צום חומש... נו, לעבעדיק... דו!
מיט חשק, מיט אברים, מיט גלידער!...
דו שווייַגסט? !... נו, טאָ לייג זשע זיך! ליג... אַט אַזוי...
איינס!... צוויי!...“ „רבי! רבי׳ניו! אוי!..“
„—ליג, ליג! דו, כל־בו׳ניק!... ס׳וועט קאָסטן דיר טייַער!...

איך אַרבעט, איך קנעל, איך באַגים זיך מיט שוויַיס,
און ער... טאַ, אַט נאַ־זשע דיר! פיל זשע און וויַיס...
הא? ווארים?..." — „היַים! רבי׳ניו, רבי׳ניו, היַים!
עס בריט ווי אַ פיַיער!..."

* * *

אַ טאָג קומט צוקריכן,
אַ יאָר פליט אַוועק;
אַלץ האָט זיך זיַין אָנפאַנג,
אַלץ האָט זיך זיַין עק...

---

און נאָך אַמאָל — מזל־טוב! — מזל־טוב איַיך!
שפילט, קלעזמערלאַך! הייבט זיך אויף פליגל!
דעם חתן איז פשוט... „דער קרומער ניט גליַיך":
די כלה — אַ דימענט, אַ שפיגל!
מע הוליעט!... ווארט אוים, ליבע פריַינד, זיַיט ניט פויל.
דער דימענט האָט נעגל! דער שפיגל — אַ מויל...
— נו, מאַנעלע! ווארים? עס קווענט די נשמה?
„ — אוי, ברידער, בחורים׳לאַך! איַילט זיך ניט!—קאַלט!
איך פריר, ווי אום שבט ביַי דער נאַכט אין אַ וואלד...
איך ציטער, איך צאַפּל... אוי, ברידערלאַך, גוואלד!
איך פריר — פון נחמה!"

* * *

די וועלט איז אַ חדר
פּאַר קליַין און פּאַר גרויס!
מע קוועטשט זיך, מע שטופּט זיך —
מע לערנט זיך אויס...

---

אַ סוחר געוואָרן... נו, גיכער, רב איד!
אין האָץ איז אַ מאַרק און אין קלאָץ — אַ יריד...
עס הודיעט, עס קאָכט ווי אין גיהנום!

איר זעט — קיין עין־הרע! מע לויפט! —
פעל, אָקסן, זאַלץ, קאָרן, פלאַקס, פּאַטשערקעס, לעדער!
מע פליט ווי אויף פליגל, מע פאָרט ווי אויף רעדער,
מע האַנדלט, מע וואַנדלט, מע קויפט, מע פאַרקויפט...
דאָס סוחר׳ל יאָגט זיך נאָך דעם און נאָך יענעם,
עס ציטערט, עס צאַפּלט, באַגיסט זיך מיט שווייס...
אוי, סוחרים׳לאַך, אידעלאַך, פייערדיק, הייס!
עס ברענט ווי אין גיהנום!

* * *

דאָס וועלטעלע דרייט זיך —
אַ מאַרק, אַ יריד!
עס הודיעט, עס פּלאַקערט,
עס ברענט און עס זידט...

---

ברענט, ברענט,—איר וועט אָפּגעקילט ווערן, רב איד!
איר איילט זיך נאָך סחורה: נאָך אייזן, נאָך ברעטער,
נאָך זייד און נאָך סאַמעט — איר פלאַקערט, איר זידט?
פאַרגעסט נאָר ניט — זייט אַזוי גוט — פון יריד
אַ שטיקעלע לייוונט צו ברענגען, רב־פעטער...
עס קלאַפּן די פּושקעס, עס אַרבעט די זעג:
פיר ברעטער, צוויי שערבלאַך, — און אויס מיט אַן עק!
געקומען צופאָרן פון לעצטן יריד...
נו, גיכער, שמשים! פאַרשיט שויך, באַהאַלט!...
אוי, אידעלאַך! קאַלט איז דאָרט—זאָג איך אייך—קאַלט!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

געפעלט אייך מיין לידל?



## גיבורים.

דער פסוק זאָגט:

„אַ נזיר זײַן —
זאָל ער די האָר ניט שערן. היִים אים
ניט עסן פליִיש, ניט טרינקען װײַן
און זיך ניט צורירן צו מתים“.

און דאָס איז אַלץ, װאָס האָט אַ װערט
צו זײַן אַ נזיר און אַ גיבור?
טאָ זײַנען אידן אויף דער ערד
דורכויס גיבורים... גאָט דו ליבער!

מען עסט קײַן פליִיש די גאַנצע װאָך,
װײַן טרינקט מען נאָר צו ארבע־כוסות,
די פאות װאַקסן לאָזט מען דאָך
פון שלום־זכר ביז צו גוסס...

יאָ, אמת, ברידער! איִינס נאָר פעלט
צו הלכת־נזיר: כמה יאָרן,
אַז אידן זײַנען אויף דער װעלט
כמעט װי מתים שוין געװאָרן...

---

## ל"ג בעומר.

װאָס פאָר אַ העלד
פליט דאָרט אין פעלד,
קלינגענדיק מיט אײַזן און שטאָל?
אונטער זײַן פערד
װיגט זיך די ערד,
ציטערט דער באַרג און דער טאָל...

װאָס פאָר אַ פײַנד
אײַננעמען הײַנט

גייט ער? אים שלאָגן צו טויט,
ווישט אוןן צו שאַנד
מאַכן זיין לאַנד,
רויבן זיין קלייד און זיין ברויט?...

נאַרישע וועלט!
נאַרישער העלד,
נאַרישע גבורה, ניצחון!
גליקלאַך איז דער,
וואָס אויף געווער
לייגט ניט אַרויף זיין ביטחון.

און אַז שוין יאָ,
איז עפּעס דאָ
בעסערס פון ביקסן, קאַנאָנען;
טויזנט מאָל ווערט
מער פון דעם שווערט,
מער פון טראָמפּייטן און פאָנען...

---

אַ נאַריש בילד, אַ ליבעם בילד
שטייט אויף און שפּיגלט זיך און שפּילט...
די ריינע קינדהייטס־יאָרן,
די חדר־צייט, די יונגע טעג
שיפּט ווידער צו צום שטילן ברעג
דער שיפער — דער זיכרון:

אין פעלד, אין פעלד, אין פרייען פעלד,
הויך ווי די טענענבוימער,
שטייט אונזער רבי, אונזער העלד,
איין מאָל אין יאָר — ל״ג בעומר.

דער רבי שטייט, — אין ברוסט אַ בראַנד
פלאַם־פייער אין די אויגן,

א פײַלנבויגן אין דער האַנט
איז שרעקלאַך אָנגעצויגן.

דערזעען אים מיט זײַן געווער —
א לײַב, א העלפאַנד און א בער
וואָלט אָנגעכאַפּט א פיבער...
מיט וועמען האַלט מלחמה ער,
דער גרויסער, שטאָלצער גיבור?

די סטעפּ איז פּוסט, די סטעפּ איז וויסט:
דער רבי צילט זיך דאָך און שיסט —
דעם שטן טויט צו שלאָגן,
די קליפּה צו פאַריאָגן!

תל מאַכן פון זײַ אַלע דאָ,
פון אַשמדי דעם בײַזן,
פון לילית וכל כת דילה
נשמות צו דערלײַזן...

און יעדעס יאָר ל"ג בעומר גײַט
דער רבי צו געניסן
דעם העכסטן גליק, די טיפסטע פרײַד —
דעם שטן צו דערשיסן!...

---

# דאָס אידישע קינד.

טיף באַגראָבן אין דער פינסטער,
ווײַט פון לופט און ליכט —
זעסטו דאָרט דעם בלינדן וואָרים,
ווי ער קריכט?

אין דער ערד איז ער געבאָרן,
און באַשערט
איז אים אײביק, אײביק קריכן

## אין דער ערד!

ווי אַ וואָרים אין דער פינסטער,
עלנד, שטום און בלינד, —
לעבסטו אָפּ די קינדהײַטס-יאָרן,
אידיש קינד!

אויף דײַן וויגל זינגט דײַן מאַמע
נישט קיין ליד
פון אַ רואיק-שטילן לעבן
פרײַהײַט, פריד,

פון די גערטנער, פון די פעלדער,
וואו דאָס פרישע קינד
שפּילט און פרײַט זיך פרײַ און לוסטיק
ווי דער ווינט.

ניין, אַ קוואַל פון טיפן יאָמער
רוישט און קלינגט;
אַי, ווי ביטער איז דאָס לידל,
וואָס זי זינגט!

טיפע זיפצן, הייסע טרערן
מיט אַ שטאַרקער מאַכט
קלינגען, רוישן אין דעם לידל
טאָג ווי נאַכט...

טיפע זיפצן, הייסע טרערן,
הונגער, קעלט —
שלעפן זיך מיט דיר אינאיינעם
אויף דער וועלט!

און פון וויגל ביז צום קבר,
אויפ׳ן לאַנגן וועג —
וואַקסן גאַנצע וועלדער צרות,
אָן אַ ברעג!...

# אַ חדר-מעשה.

.1

זיבן יאָר איז מיר געוואָרן —
און די מאַמע, זאָל געזונט זײַן,
האָט געזאָגט: „נו, ציַיט אין חדר,
ציַיט אין חדר גיִין, מיַין קינד!"
אוים, אַ סוף, געגוג געהוליעט
אויף דער וועלט, אַרומגעפלויגן
פריַי און גליקלאַך, ווי אַ פויגל,
פריש און פריילאַך, ווי דער ווינט!

ציַיט אין חדר, קדיש מיַינער!"
און אברהמ׳ל דער באַהעלפער —
פון די חדר-קאַגטאָניסטן
דער באַרימטער קאָמאַנדיר —
האָט מיך אײַנגעהילט, פאַרוויקלט
אין אַן אַלטן, געלן טלית
(אונזער אַלטע אוניפאָרם,
אונזער אידישער מונדיר)

און אַוועק מיט מיר אין חדר.
ס׳איז געווען אַ וואונדער-שײן־נער,
פרישער, ליכטיקער פרימאָרגן.
שײן און ליכטיק, רײן און פריש
האָבן שטראַלן זיך געגאָסן
דורכ׳ן פענסטערל אין חדר
און געפינקלט אויפ׳ן רבי׳ן,
אויפ׳ן סידור, אויפ׳ן טיש.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן
דער עקזאַמען: „— זאָג נאָר, בחור,

וואָס איז דאָס?" — אַן אַלף. „ריכטיק.
דאָס?" — אַ הײַ. „— און דאָס?" — אַ תו.
און בײַ יעדן אות, פאַר יעדן
ענטפער, פאַלן מיר פון אויבן
לעקאַך, ראָזשינקעס, קאָנפעקטן,
ניס און מאַנדלען אָן אַ סוף.

און דער רבי, רב בנימין
(זאָל אַ ליכטיקן גן־עדן
האָבן), זאָגט: „דו זעסט? דאָס וואָרפן
דיר מלאכים, מײַן ליב קינד,
זאָלסט מיט חשק לערנען תורה,
לערנען תורה, לערנען חכמה.
און געדענק, מײַן קינד! ווער ס'וויל ניט
לערנען, בלײַבט אויף אייביק בלינד..."

---

2.

טעג און יאָרן, לאַנגע יאָרן
זײַנען שוין אַוועק פון דעמאָלט...
איך געדענק דעם רבי'ס ווערטער,
איך געדענק זיי גוט און קלאָר:
„לערנען תורה, לערנען חכמה;
בלינד איז דער, וואָס וויל ניט לערנען..."
אמת, רבי, אמת; אָבער —
ווילדע זאַכן קומען פאָר,

שרעקלאַך־ווילדע, און זיי ברענען,
שטעכן, עגבערן מײַן מוח:
איצט, ווען לערנען איז מײַן חיות,
לופט און וואַרימקייט פאַר מיר,
ליכט און קראַפט און טרייסט אין לעבן, —
אין מײַן ביטערן, פאַר'סמ'טן

שקלאפן-לעבן, — איצט פארשליסט זיך,
האקט זיך צו פאר מיר די טיר,

לעשט זיך אוים דאס לעצטע לעמפל,
און עס הייבן אן צו פאלן
אן א צאל פון אלע זייטן,
פאלן, שיטן זיך ווי באב
שטיינער, שטיינער!... גרויסע, שווערע
שטיינער שיטן זיך און פאלן
אויף מיין ברוסט, אין מיינע אויגן,
אויף מיין אלטן, גרויען קאפ...

און זיי פליען און זיי פאלן,
ווי א האגל, אויף די שוואכע,
גרינע זאנגען, ווי א האגל
אן א צאל און אן א מאס...
וואס זשע איז דאס? וואס באטייט עס?
איז דען מעגלאך, אז מלאכים
זאלן שטיינער ווארפן?!... רבי!
רבי! ווי געשיקט זיך דאס?...

נאר ניטא, ניטא קיין ענטפער...
וואלקנס שוועבן אויפ'ן הימל,
טייכן פליסן, ווינטן רוישן, —
און קיין איינציק, איינציק ווארט
הערט זיך מיר ניט אין דער פינסטער...
אוי, ניטא, ניטא קיין ענטפער
פון דעם רבי'ס שטומן קבר,
פון דעם אלטן הייליק-ארט!...



## זאַמד און שטערן.

עס שיינט די לבנה; עס גלענצן די שטערן;
די נאַכט שוועבט אויף בערג און אויף טאָל...
דאָס אַלטיטשקע ביכעלע ליגט פאַר מיר אָפן,
איך לייען עס, לייען עס טויזנטער מאָל.

איך לייען די הייליקע, טייערע ווערטער,
מיר הערט זיך אַ שטימע: „איך שווער —
מיין פאָלק, דו וועסט זיין, ווי די שטערן אין הימל,
ווי זאַמד אויפ'ן ברעג פונ'ם מער!...“

ריבונו של עולם! עס ווערט ניט פאַרפאַלן
פון דיינע הבטחות קיין איינציקעס וואָרט:
מקוים מוז ווערן דיין הייליקער ווילן,
אַלץ קומט אין זיין צייט, אויף זיין אָרט.

און איינס איז שוין טאַקע מקוים געוואָרן —
דאָס פיל איך, דאָס וויים איך געוויס:
מיר זענען געוואָרן ווי זאַמד, וואָס איז הפקר,
וואָס יעדערער טרעט מיט די פיס...

יאָ, גאָטעניו, אמת, ווי זאַמד און ווי שטיינער,
צעשפרייט און צעוואָרפן אויף שאַנד און אויף שפּאָט...
נו, אָבער די שטערן, די ליכטיקע, קלאָרע —
די שטערן, די שטערן — וואו זענען זיי, גאָט?!...

---

## דאָס ניי-יאָר-ליד.

די ליבע קינדהייטס-יאָרן...
ס'געדענקט זיך ניי-יאָר מיר:
אַ פראָסטיקער פרימאָרגן;
עס עפנט זיך די טיר,

און ס׳קומט אַרײַן אין צימער
א שײַגעצל פון דאָרף.
ער טוט א הויפן זוימען
אין בעטל מיר א וואָרף, —
ווײַיץ, קאָרן, הירזש און האָבער, —
עס שטעכט דאָס לײַב, אײ־אײ!
דאָס שײַגעצל שיט ווײַטער
און שיט און זאָגט דערבײַ:

— „גײַט־אויף, בליט־אויף, איר זאַנגען,
באַדעקט מײַן אַקער־פעלד!...
מײַן ברויט — מײַן גאָלד — מײַן האָפנונג,
מײַן רײַכטום אויף דער וועלט!“...

באַקומענדיק, געוויינלאַך,
א גראָשן און א שפּיץ
פון שבת׳דיקן קוילעטש,
באַדאַנקט ער מיך מיט היץ...

און לאַנג נאָך קלינגט דאָס לידל:
„באַדעק מײַן אַקערפעלד,
מײַן ברויט — מײַן גאָלד — מײַן האָפנונג,
מײַן רײַכטום אויף דער וועלט!“...

---

פאַרבײַ די ליבע יאָרן...
ס׳קומט נײַ־יאָר ווידער אָן,
און... שטײַנער, שטײַנער פליען,
און ס׳שיט זיך שוואַרצער מאָן...

עס שטעכט אין מוח, האַרצן...
עס שטעכט... אָי, מאַמע, אָי!
זעסט? מיט א גרויסער טאָרבע
קומט־אָן דער גרויסער גוי...

די זוימען אויפגעפרעסן
האָט ביז'ן סוף שוין לאַנג
די נויט, די בייזע חיה,
די הונגעריקע שלאַנג,

און האָט מיט שווערע שטיינער
די טאָרבע אָנגעפילט...
און אונזער טיר איז אָפן,
צעבראָכן אונזער שילד.

און שטיינער פליען, פליען
אין וויַיטיק־בעט צו מיר...
אַך, מאַמע, מאַמע! גיכער
פאַרמאַך, פאַרשלים די טיר!

פאַרשלים די טיר, פאַרשלים מיר,
פאַרוויג דאָס קראַנקע האַרץ!...
די קראָען שרייַען שרעקלאַך...
די נאַכט איז קאַלט און שוואַרץ...

די קראָען שרייַען, קלאָגן,
די טויטע נאַכט זינגט מיט
מיט טויזנט טויטע שטימען
מייַן ליד — מייַן נייַ־יאָר־ליד...

---

## צו מיינע לעזער.

ברידער מייַנע, ליבע ברידער!
פול מיט לייַד און שאַנד —
זינג איך ווידער מייַנע לידער
פון אַ וויַיטן לאַנד.

פון אַ געגנט, וואו דער הימל
רעגנט קלאָג און לייַד;

און אַ טיפער שוואַרצער דרימל
ליגט אויף אַלץ פאַרשפּרייט.

בעט פון מיר קיין זיסע שטימען,
בעט קיין פרייעס ליד:
אויף מיין פידל ליגט דער סימן
מיט'ן שטעמפּל „איד!"

אוי, דאָס איז אַ טיפע חתימה
אויף מיין קראַנקן האַרץ,
און עס גיסט זיך פון מיין שטימע
נאָר געוויין און שמאַרץ!...

---

# האָט רחמנות.

שטראָמען בלוט און טייכן טרערן
זידן, פליסן טיף און ברייט...
אונזער אַלטער, גרויסער אומגליק
האָט זיין האַנט אויף אונז פאַרשפּרייט.

הערט איר דאָרט, ווי מוטערס קלאָגן
און פון קינדער דאָס געשריי?
טויטע ליגן אויף די גאַסן,
קראַנקע פאַלן לעבן זיי...

ברידער, שוועסטער, האָט רחמנות!
גרויס און שרעקלאַך איז די נויט!
גיט די טויטע אויף תכריכים,
גיט די לעבעדיקע ברויט!...

---

פון דער ווייטן שווער צו פילן:
ווייטע טרערן — פרעמד געוויין,
ווייטער אומגליק — פרעמדער אומגליק,
פרעמדעס בלוט... נײַן, ברידער, נײַן!

הערצער טויזנט — און אײן װײטיק,
טויזנט הײַזער — און א י ן טיר;
אַלע, אַלע — א י ן פאַרקלאָגטער
קראַנקער יתום זענגען מיר!...

ברידער, שוועסטער, האָט רחמנות!
גרויס און שרעקלאַך איז די נויט!
גיט די טויטע אויף תכריכים,
גיט די לעבעדיקע ברויט!...

---

שטראָמען בלוט און טײַכן טרערן
זידן, פליסן אָן אַ שיעור...
אימת־מות קוקט אין פענסטער,
און דער הונגער קלאַפּט אין טיר...

שלאַף איז אונזער האַנט צו שטרײַטן,
שטאַרק און שווער איז אונזער שמאַרץ...
קום זשע דו מיט טרײסט און ליבע,
גוטעס, הײסעס אידיש האַרץ!

ברידער, שוועסטער, האָט רחמנות!
גרויס און שרעקלאַך איז די נויט!
גיט די טויטע אויף תכריכים,
גיט די לעבעדיקע ברויט!...

---

## שווער צו זינגען.

לידער דורכגעגליט פון צאָרן,
לידער אָנגעזאַפּט מיט פּײַן;
אויסגעלאָשן איז געוואָרן
זײער היץ און זײער שײַן.

עלנד קינד מײַנס! שווער צו זינגען,
ווען עס גײט די שטורעם־נאַכט,

ווען די שווערע קייטן קלינגען,
און דער בייזער תלין לאַכט!...

זעסט? אַ שוואַרצער קברות-גאָרטן
האָט באַפלאַנצט אי באַרג, אי טאָל:
ניט קיין ביימער וואַקסן דאָרטן —
תליות, תליות אָן אַ צאָל...

קינד מיינס, קינד מיינס! שווער צו זינגען,
ווען עס רוישט די שטורעם-נאַכט,
ווען, ווי גלעקער, קייטען קלינגען,
און דער בייזער תליון לאַכט!...

ס׳ברענט און פלאַמט דאָס הארץ פון צאָרן,
און דעם פלאַם פאַרלעשט דער ווינט.
ווי אַ שפּינוועבס פון אַ דאָרן,
פּלאַצט די סטרונע, עלנד קינד!

יתום מיינער! שווער צו זינגען,
ווען עס רוישט די שטורעם-נאַכט,
ווען די קייטן קלינגען, קלינגען,
און דער תליון — לאַכט און לאַכט!...

---

## ריין און ליכטיק איז דער הימל.

ריין און ליכטיק איז דער הימל;
פריש און פריילאַך וויט דער ווינט...
„— זינג מיר, זינג אַ זומער-לידל!“ —
בעט דאָס שוואַכע, בלייכע קינד.

„— קום מיט מיר אין טאָל, אין גאָרטן,
פלעכט אַ קרענצעלע מיר אויס
פון די בלומען, וועלכע וואַקסן
דאָרט און בליען, שיין און גרויס...“

אַך, מײַן קינד! דו זעסט? — צעבראָכן
 הענגט מײַן האַרפּע אויף דער וואַנט;
אָפּגעוואוינט שוין לאַנג פון שפּילן
 איז מײַן שוואַכע, קראַנקע האַנט;

אָפּגעוואוינט פון זיסע פרײַדן
 איז שוין לאַנג מײַן קראַנקעס האַרץ.
זומער, ווינטער, הערבסט און פרילינג
 בלײַבט אין אים דער אַלטער שמאַרץ.

---

## אויפ׳ן בית-עלמין.

ווײַט פון שמערץ, פון גליק, פון אומגליק,
 פון דעם לעבן פון דער וועלט —
זעסטו, קינד, די אַלטע קברים
 אויף דעם שטומען טויטן פעלד?

גרינע בײַמער, גראָז און בלומען
 וואַקסן, בליען דאָ און דאָרט...
אַך, ווי טרויעריק, ווי אָרים
 איז דער וויסטער, הײַליק אָרט!

ניט פון מירמלשטײַן קײַן זײַלן
 זע איך שטײַען הויך און שטאָלץ;
ניט קײַן זילבער, ניט קײַן בראָנז
 מיט געשניצטן בײַן און האָלץ.

און קײַן אויפשריפט — „אין דעם קבר
 ליגט אַ גרויסער, שטאַרקער העלד...“
ווײַסטו, קינד, ווער ליגט באַגראָבן
 אויף דעם וויסטן, טויטן פעלד?

קלײַנע, אָרימע מצבות,
 קורצע אויפשריפטן אויף זײ,

קלייִנע אומבאַקאַנטע נעמען...
ווער געדענקט, ווער ווייס פון זיי?

נייִן, מײַן קינד! דאָ ליגן גרויסע,
גרויסע העלדן, שטאַרקע לײַט!
אָן טרומייטן, אָן כלי-זין,
איז געגאַנגען זייער שטרײַט.

אָבער לאַנג, און שווער, און שרעקלאַך
האָט געראוישט ער און געברענט!
מיט מיליאָנען שווערע קייטן,
מיט מיליאָנען שטאַרקע הענט —

האָט געדריקט דער בייזער שונא
זייער שוואַכעס, קראַנקעס האַרץ,
האָט געוואַשן עס אין טרערן,
האָט געבראָטן עס אין שמאַרץ.

זייער שלאַכט-פעלד — איז די ברייטע,
גרויסע וועלט פון עק צו עק;
זייער שונא — איז דער גלות,
אָן אַן אָנפאַנג, אָן אַ ברעג...

יאָ, דאָ ליגן גרויסע העלדן!
שעם זיך ניט, מײַן קינד, און וויין.
וויין, באַגים מיט הייסע טרערן
זייער טויטן, קאַלטן שטיין...

---

## צוויי טראָיקעס.

דער שנײַ איז געגאַנגען צוויי טעג נאָכאַנאַנד,
אַ שליט-וועג אַ חיות געוואָרן;
די פערדעלאַך שטייען אין שליטן געשפאַנט,
אַלץ גרייט שוין און פאַרטיק צום פאָרן.

אַי, פערדעלאַך־חיות! נו, זעץ זיך און פּאָר! —
מיט צאַצקעס געטאָקט איז דער שליטן,
צוויי פערד פון די זײַטן — ווי הירשן אַ פּאָר,
אַ לעמפּערט, אַ לייב אין דערמיטן.

דער קוטשער נעמט באַלד אַלע לייצעס אין האַנט:
— „נו, קינדערלאַך, לעבעדיק, פריילאַך!"
דעם שליטן כאַפּט אויף מיט אַמאָל ווי אַ בראַנד...
— שטיי, אײַל זיך ניט, וואַרט, וואַרט, פּאַמעלאַך!

נײַן, ברודער, אומזיסט! ווי אַ פויגל, אַ ווינט,
אַ פײַל פון׳ם בויגן, אַ וויכער,
זיי לויפן, זיי שוועבן, זיי פליען, געשווינט,
וואָס ווײַטער — אַלץ גיכער און גיכער.

דער וועג איז אין פעלד ווי אַ לאָקשנברעט גלאַט,
די זון שײַנט פון אַלע פיר זײַטן,
דער קוטשער — אַ מזיק, די פערדעלאַך — זאַט,
די גלעקעלאַך קלינגען פון ווײַטן.

פּאָרט, פריצים, קאַטאַיעט זיך, — גליקלאַכע טעג!...
נאָר וואַרט נאָר, וואָס איז דאָס? פּאַסטאָי־קאַ!
ווער קריכט דאָס דאָרט? אַי! אַי! אַראָפּ פון׳ם וועג!!...
— דאָס שלעפּט זיך די אידישע טראָיקע...

---

אַ וואָגן — אַ פּאַלאַץ! — די בויד איז געוועבט
פון גאַנצע תרי״ג אַלטע שטיקלאַך,
די אַקסן מיט וואַקס פון הבדלה געקלעפּט,
די רעדער געבונדן מיט שטריקלאַך.

דרײַ קליאַטשעס — דרײַ אָדלערס! דרײַ לייבן אַ שרעק!—
זיי שפּרינגען, נו טאַקע ווי זשאַבעס...
ישראל׳יקל פאָרט, פאָרט און פאָרט אָן אַן עק.
אַהיים צו פּאַספּייען אויף שבת...

אַהיִים... אוי, ווי ווײַט נאָך, ווי ווײַט איז זײַן היִים,
ווי שווער, נעבאַך, איז די נסיעה:
עס זינקען די רעדער אין שמוץ און אין ליִים,
כאָטש טרינק זיך, כאָטש קריך אויף דער תליה!

עס זינקען די רעדער, עס טרעשטשעט דער סכך,
די זאַוועסקעס סקריפּען און קנאַקן,
אָט, אָט איז אַ גרוב, אַ פאַרזינקעניש — טראַך!
ער פליט און צעבראָכט האַלז און נאַקן...

נאָר האָט ניט קײַן מורא: ישראל׳יק איז קלאָר,
איז בקי אין הלכת-עגלה;
ער שלעפּט זיך דאָך שוין כמעט צוויִ טויזנט יאָר,
דאָס איז דאָך פון איִביק זײַן ראָלע...

ער שלעפּט זיך דורך פעלדער און וועלדער אַ ים,
ער בלאָנדזשעט אין סטעפּעס, מדבריות;
ער האָט שוין געפילט און ער וויִסט שוין דעם טעם
פון אַלערליִ ביטערע צרות.

ער האָט שוין באַגעגנט אי ליִבן, אי הינט,
אי לצים, אי שלענג, אי גזלנים;
עס האָט ביז אין ביִן אים געשמיסן דער ווינט
דער האָגל — געפּאַטשט אים אין פנים.

עס איז אָבער גאָר ניט געוואָרן פון דעם:
— בילט, כלבים, עד לב השמים!
זײַן טראָיקעלע שלעפּט זיך נאָך, ברוך-השם,
ער לעבט נאָך און פאָרט זיך עד היום.

פיל טראָיקעס געוואָרן שוין הינקעדיק, בלינד,
פיל גלעקלאָך צעבראָכן, פיל בײַטשן צעריסן;
עס איז שוין קײַן זכר ניטאָ פון די הינט,
וואָס האָבן אַמאָל אים געביסן.

עס איז ניט געבליבן אַפילו דער אָרט
פון טויזנט פּאָטשטאָווע קוריערן און רײַטער;
און זעט נאָר, ישראל׳יקלס טראָיקע — זי פּאָרט,
זי שלעפּט זיך אַלץ ווײַטער און ווײַטער...
די אידישע טראָיקע — איר קענט זי, איר ווייסט?
מיר האָבן אויף איר אַ חזקה...
די אַלטעטשקע אידישע טראָיקע — זי הייסט:
**תשובה ותפלה וצדקה!...**

## נ י י - י אָ ר.

נײַ־יאָר! — שפּיל, מײַן אַלטע פידל!
שפּיל אַ נײַ, אַ פריילאַך לידל,
זינג אַ נײַעם, זיסן שיר.
דײַנע סטרונעס זאָלן קלינגען,
אַלע הערצער זאָלן זינגען,
זינגען, פרייען זיך מיט דיר!...
און די פידל ענטפערט מיר:
— „אויף אַ בוים בײַם טײַך פון בבל
בין געהאַנגען איך אַמאָל;
און נאָר קלאָגן ווי אַן אבל
קאָן פון דעמאָלט אָן מײַן קול...
נייִן, איך האָב קײַן נײַע לידער;
אַלטע קען איך, ליבע ברידער!
דאָרט, בײַם גרויסן אַלטן טײַך
האָב איך זיי געהערט פאַרצײַטן
און אויף אַלע נ י י ע צײַטן
איינם נאָר ווינשן וועל איך אײַך:
מיט זײַן ליבע, מיט זײַן טרייהײַט
זאָל גאָט שענקען אײַך צוריק
אײַער אַ ל ט ע קראַפט און פרײַהײַט,
אײַער אַ ל ט ע ם גליק!....

# מזבח-אדמה.

מיר האָבן פיל טײַערע, גרויסע מזבחות
געהאַט אין די גליקלאַכע טעג,
וואָס האָבן אַמאָל אונז געגלאַנצט ווי די שטערן,
געשײַנט אויפ׳ן ליכטיקן וועג.

זײַ זענען געוועזן פון גאָלד און פון קופּער
און קונציק געטאָקט און געקריצט;
אויף זײַ האָט געברענט אונזער הײַליקעס פײַער,
די הײַליקע פלאַמען געבליצט.

גאָר טײַער אין זײַ איז געווען ניט דער קופּער,
און ניט אינ׳ם גאָלד זײַער ווערט:
דעם ערשטן מזבח האָט משה רבינו
געבויט אונז פון פשוט׳ער ערד;

פון פשוט׳ער ערד איז געווען דער מזבח,
דער ערשטער מזבח געמאַכט,
אויף וועלכן מיר האָבן פאַרצײַטן צום ערשטן
דעם הײַליקן קרבן געבראַכט.

מײַן פאָלק! ניט פאַרגעס אויף די אַלטע מזבחות;
בעט גאָט, ער זאָל ווידער צוריק
אונז אומקערן אונזערע ליכטיקע יאָרן
מיט אונזער פאַרגאַנגענעם גליק.

געדענקט אָבער אײביק דעם ערשטן מזבח:
באַארבעט מיט ליבשאַפט די ערד!
אין דעם ליגט פאַרבאָרגן דײַן קראַפט, דײַן נחמה,
אין דעם איז דײַן גליק דיר באַשערט!...

# דער גיבור.

די גרעקן דערציילן אַ מעשה:
אַ מענש איז געווען אויף דער וועלט;
אים גובר זיין האָט ניט קיין כוח געהאַט
דער גרעסטער און שרעקלאַכסטער העלד.

די ערד איז געוועזן זיין מוטער,
אין איר איז געלעגן זיין קראַפט;
ווי מיד זאָל ניט ווערן זיין קערפּער פון שטרייט,
דערשראָקן זיין האַרץ און פאַרשלאַפט;

ווי שרעקלאַך עס זאָל זיך ניט גיסן
דאָס בלוט פון זיין אָפענער וואונד, —
זיך צורירען האָט ער געדאַרפט צו דער ערד,
און פלעגט ווערן ווידער געזונט...

מיין פאָלק! דו ביסט אויך אויסגעשטאַנען
פיל אומגליקן, טרויער און שרעק,
אָפט האָבן מיט פרייד דיינע שונאים געמיינט,
אַז אָט וועט שוין קומען דיין עק.

דיין מוטער איז אָבער דער הימל,
דער הימל געווען אויף דער וועלט;
זיך צורירן פלעגסטו נאָר דאַרפן צו אים,
און באַלד ווערן ווידער אַ העלד.

יאָ, שטאַרק איז אין דיר די נשמה,
אין איר ליגט די הימלישע קראַפט.
באַטראַכט אָבער, ווי איז געוואָרן אַצונד
דיין קערפּער פאַרדאַרט און פאַרשלאַפט!

ניין, פליען לאָז אייביק צום הימל
דיין ריינער געדאַנק; נאָר דערביי
דיין קערפּער פאַרבונדן לאָז זיין מיט דער ערד,
זאָלסט ליבן זי ערנסט, געטריי.

באַרבעט מיט מי און מיט האָפנונג,
דײַן גאָרטן, דײַן װײַנשטאָק, דײַן פעלד;
און דעמאָלט, מײַן פאָלק, װעסטו זײַן אויף דער װעלט
מיט גוף און נשמה אַ העלד!...

---

## פּראָלאָג.

צי אָן זיבן פּאָדים פון הימלישן שײַן,
צי אָן זיבן ליכטיקע שטראַלן,
זײַ זאָלן װי גאָלדענע סטרונעס מיר זײַן
און לײַכטן, און זינגען, און שאַלן!...

מאַי־גלעקלאַך קלינגען אין פעלד און אין טאַל...
די טײַבעלאַך װאָרקען און פליען,
צו הערן דעם זיסן און טײַערן קול,
די הײַליקע לידער פון ציון.

עס ציען זיך ליבלאַך די רויז און דער זאַנג
אין פעלד און אין גאָרטן — צו הערן
די לידער, אין װעלכע עס זענען פון לאַנג
צונויפגעמישט פּערל און טרערן,

די לידער, װאָס שלאָגן אַרויס, װי אַ קװאַל,
פון האַרצן און זידן און בריען —
די לידער מיט האָניק, די לידער מיט גאַל,
די לידער, די לידער פון ציון!...

---

# דער מאַמעס קלאָג.

אין שטויב און אין שמוץ
פאַרלאָרן איר גוטס,
פאַרלאָרן איר לעצטע נחמה...
פאַרטריקנט, פאַרבליט
און קוים וואָס עס גליט,
עס האַלט זיך אין איר די נשמה...

זי ליגט לעבן וועג...
עס ציען זיך טעג,
עס גייען חדשים און יאָרן.
זי טראַכט אָן אַ שיעור:
„— וואָס איז דאָס מיט דיר,
מיין זון, מיין בן־יחיד, געוואָרן?

אויב גוט איז דיר דאָרט,
דערמאָן זיך דאָך פאָרט,
ווי מיר איז באַשערט זיך צו מיען,
דערמאָן זיך, ווי לאַנג
ליגט עלנד און קראַנק
די אַלטע אַלמנה פון ציון!...

און אויב דיר איז שווער,
טאָ קום זשע אַהער,
קום, קינד מיינס, אַהיים, צו דיין מאַמען:
צוזאַמען אי פרייד
געניסן, אי לייד,
און לעבן און שטאַרבן צוזאַמען!...“



## ציון.

ווי וואָלקן אין שטורם-ווינט, לויפן און פליען
אָן אָנפאַנג, אָן אויפהער די שטונדן און טעג;
די אַלטע אלמנה — די טאָכטער פון ציון
זיצט טרויעריק, איינזאַם ביים וועג...

פיל רייזנדער פאָרן פאַרביי איר און גייען,
זי ווענדט זיך צו זיי מיט אַ ביטער געוויין:
אָך, זאָגט מיר, צי האָט איר מיין קינד ניט געזעען,
מיין עלנדן יתום?... „— ניין, אַלטיטשקע, ניין!...“

זיי גייען און רייטן
פון אַלע פיר זייטן
צום אַלטן מזבח אין הייליקן לאַנד...
די טאָכטער פון ציון
טוט וויינען און קניען,
אין שטויב צו פאַרבאָרגן איר ווייטיק און שאַנד...

עס גייען און גייען אַ טאָג נאָך אַ טאָג,
עס פליען די וואָלקנס, עס יאָמערט דער ווינט;
און טרויעריק גיסט זיך אַ ביטערער קלאָג:
„— וואו ביסטו, וואו ביסטו, מיין קינד?!“

---

## תחית-המתים.

עס לייכט און שיינט דער אָונט-שטערן
אין בלויען אייביקן געצעלט;
קיין איינציק וואָלקנדל אין הימל,
קיין שטילעם ווינטעלע אין פעלד.

אַליץ רוט און דרימעלט שטיל און זיכער...
און נאָר פאַר דיר, מיין קראַנקעם קינד,

ניטאָ קיין רו, נישטאָ קיין פרידן...
דיַ נאַכט איז טויב, די נאַכט איז בלינד,
די שטערן פילן נישט דיין וויַיטיק:
זיי זענען העל, נאָר קאַלט ווי איַיז...
די סאָוועס גלאָצן מיט די אויגן,
עס פליען שוואַרצע פלעדערמייַז...

נאָר אויף דעם אַלטן בית־הקברות
איז וואַך אַ פייגעלע און זינגט.
ווי פערל שיטן זיך די טרעלן,
דאָס לידעלע ווי זילבער קלינגט...

זי זינגט: „אַ גרוס אייַך, אַלטע קברים,
אַ ליבן גרוס האָב איך געבראַכט...
ווי שרעקלאַך טיף איז אייַער חלום,
און שרעקלאַך פינסטער אייַער נאַכט!

„נאָר פראַכטיק איז דער מאָרגן־שטערן,
וואָס וועט — ערשייַנענד העל און ריין —
באַלייַכטן אייַער שוואַרצן חלום,
דערוואַרמען אייַער קאַלטן שטיין.

„משיח גייט; און ער וועט קומען,
דער גואל־צדק! יאָ, איך האָף,
ער וועט אייַך אויפוועקן צום לעבן
פון אייַער לאַנגן טויטן שלאָף!..."

דו נאַריש פייגעלע! דייַן לידל
איז מיר באַקאַנט אַ לאַנגע צייַט:
„משיח גייט, און ער וועט קומען",
נאָר — אוי, ווי וויַיט איז ער, ווי וויַיט!

די מתים קענען רואיק וואַרטן;
האַלב־טויטע זייַנען אָבער דאָ —

א גאַנצעס פאָלק פון הויט און ביינער...
ניטאָ פאַר אים קיין טרייסט, ניטאָ,

ביז וואַן — מיט קראַפט, מיט הייסן גלויבן,
פון לאַנגן, טיפן שלאָף ערוואַכט,
עס וועט אַליין, אַליין פאַריאָגן
פון זיך די שוואַרצע, קאַלטע נאַכט...

יאָ, פריער זאָל דאָס אַלטע, קראַנקע,
האַלב-טויטע פאָלק דעם שווערן שטיין
פון זיך פאַרשטויסן און פון קבר,
פון קבר אויפשטיין אַליין.

מיט שטאַרקע הענט, מיט פרישע קרעפטן
און מיט געפילן און פאַרשטאַנד,
ווי גוט, ווי זיס, ווי שיין עס זיינען
אַן אייגן הויז, אַן אייגן לאַנד...

אָט דאַמאָלט — וועט משיח קומען —
מיט גרינע גראָז, מיט פרישע בלומען
באַדעקן אונזער טויטעס פעלד;
אָט דאַמאָלט וועט דער מאָרגנשטערן
אונז אויפגיין העל, און ליכטיק ווערן
וועט אונז אַרום די גאַנצע וועלט!...



# חנוכת-הבית.

ווידער ברענט דאָס אַלטע לעמפּל
אויפ׳ן הויכן שיינעם אָרט.
יעדעס הייזל איז אַ טעפּל,
אַ מזבח פינקלט דאָרט.

וויפיל צייט איז שוין אַריבער,
ס׳קלאַפּט די עלטער שוין אין טיר...
נאָר מיר דאַכט־זיך, אַז דער ליבער
זיידע ווידער רעדט צו מיר:

— „זעסט, מיין קינד? אַכט גרויסע שטערן
גייען אויף אין הימל־פּראַכט.
און די שאָטנס בלייכער ווערן,
העלער ווערט די שוואַרצע נאַכט.

„ריין און הייליק, ליב און טייער
דאַרפן אונז אויף אייביק זיין
זייער שטילער, מילדער פייער,
זייער ליכט און זייער שיין:

„פאַר אַן אייביקן זיכרון
פון דעם נס אין יענע יאָרן,
ווען מיר האָבן מיט׳ן שווערד
אונז די פרייהייט אומגעקערט,

„האָט אונז גאָט די ליכט געגעבן;
נוצן זיי דערפאַר אין לעבן
טאָר מען ניט — אַ גרויסע זינד
וואָלט עס זיין, מיין ליבעם קינד!“...

— גיין, זיידע! שוין צוויי טויזנט יאָר, אַז עס ברענט
די הייליקע מנורה, — און מיר?
מיר זיצן צונויפגעלייגט רואיק די הענט,
מיר זיצן פאַר׳חלומ׳ט, מיר זיצן פאַרבלענדט,
מיר זיצן און קוקן אויף איר.

נײַן! גרוים איז די אַרבעט, וואָס ליגט אויף אונז; שווער
און ווײַט איז דער הײליקער צוועק,
דער צוועק, וואָס דאַרף זײַן אונזער אײנציק באַגער,
וואָס רופט אונז צו שטרײַטן אָן אײַזען-געווער,
אָן פײַער, אָן צאָרן און שרעק...

שווער, זײדע, און גרוים איז די אַרבעט! פיל טעג
און נעכט וועלן לאַנגזאַם זיך ציען,
ביז וואַנען מיר וועלן דערגרײכן צום ברעג...
טאָ ברען זשע און שײַן און באַלײַכט אונזער וועג,
דו הײליקע מנורה פון ציון!...

ווי לאַנג זאָל ניט זײַן נאָך און פינסטער די נאַכט, —
דו ביסט אונזער האָפנונג, דו ביסט אונזער מאַכט,
דאָס גאַנצע, דאָס לעצט-ביסל חיות;
דו דאַרפסט אונזער פירער און וועגווײַזער זײַן,
עס זאָל אונזער אַרבעט באַלײַכטן דײַן שײַן,
ליכט, ליכט פון ח נ ו כ ת - ה ב י ת!...



## ליד פון אַרבעט.

פאַר אײַך, מײַנע אָרימע ברידער און שוועסטער,
וואָס זענען צעזײט און צעשפרײט אויף דער וועלט,
וואָס קריכן און בלאָנדזשען אויף טויזנטער וועגן,
אין רעגן, אין שטורעם, אין היץ און אין קעלט;

פאַר דיר, אוי, דו אײביקער קרעכצער און זיפצער,
פאַרשוואַרצטער, פאַרקלאָגטער, פאַריאָמערטער איד,
טוט שאַלן און זינגען און הילכן און קלינגען
מײַן פרישעס, מײַן לעבעדיק-פרײלאַכעס ליד.

אין טויזנטער שטראָמען גיסט זיך דאָס לעבן
און קומט פאָרט צום אַלטן, צום אייביקן ברעג...
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער, אַ זומפּיקער וועג.

אָ, לויב און געזאַנג דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן ליבנד און הייס!
געזונט זאָלן זײַן די הענט מיט מאַזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שווייס!
געבענטשט זאָלן זײַן דער ווערקשטאַט, דאָס שפּינדל,
דער האַמער, די סאָכע, דער סערפּ און די זעג!
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער און זומפּיקער וועג.

געשמאַק זענען, ברידער, דעם שררה׳ס מאַכלים!
געשמאַקער פון אַלעם — דאָס שטיקעלע ברויט,
וואָס ציט זיך פון אייגענער, ערלאַכער אַרבעט
מיט שווייס און מיט מי, אַבי נאָר אָן נויט.
געשמאַק איז דעם שררה׳ס שלאָף אין זײַן צימער,
אויף ווייכינקע קישעלאַך, ווײַסע ווי שניי;
געשמאַקער — אַ שלומער פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט
אין פעלד, אויף אַ קאָפּיצע פרישינקע היי.

פיל ליכטיקער שײַנט די זון נאָך אַ רעגן;
די וואַרימקײַט — ליבער און זיסער נאָך קעלט;
נאָר די, וועלכע האָבן דאָס אומגליק געזען,
פאַרשטייען, וואָס גליקלאַך זײַן הייסט אויף דער וועלט.

די פײַל איז פון שטאָל, דער האַמער — פון אײַזן,
גאַנץ איינפאַך געמאַכט און ניט איבעריק שיין;
מיט זיי אָבער מאַכט מען דאָס שווערד און דעם פאַנצער
און טאַקע די הייליקע קרוינען אַליין.

דער סערפּ איז פון שטאָל, די סאָכע — פון אײַזן:
קיין צירונג קיין גרויסע זענען זיי ניט;

אין זײַ אָבער ליגט אונזער קראַפט, אונזער לעבן,
אָן זײַ איז אוממעגלאַך אײַין אײַנציקער טריט.

טאָ לויבט זשע און זינגט דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זײַ פון האַרצן ליבנד און הײַים!
געזונט זאָלן זײַן די הענט מיט מאַזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שווײַים!

---

## צום ברודער.

מײַן ברודער! שלעכט איז דיר, איך ווײַים;
נאָר גײַ און טראָג דעם יאָך דעם שווערן.
שטײַ שטאָלץ און קרעפטיק אויף דײַן אָרט:
עס מוז, עס וועט דאָך ליכטיק ווערן!

ניט שרעקלאַך איז די פינסטערניש —
ס׳וועט אָנהײַבן צו טאָגן;
די שטראַלן וועלן פון דער וועלט
די שוואַרצע נאַכט פאַריאָגן.

עס וועלן אויפוואַכן פון שלאָף
גאָר נײַע לײַט מיט נײַע מוחות;
זײַ וועלן ברענגען אויף דער וועלט
פיל נײַע, פרישע, שטאַרקע כוחות.

פיל העלע שטראַלן, גרויסע ליכט
וועט דאַמאָלסט ווערן אָנגעצונדן;
דער שלאַפער וועט באַקומען קראַפט.
און ליכטיק ווערן וועט דעם בלינדן.

דאָס מוז זײַן, ברודער!... אָבער איצט,
דערווײַל — איז גאָט צו דאַנקען, כ׳לעבן,
פאַר יעדן שטראַל, פאַר יעדן פונק,
וואָס צינדט זיך אָן אין אונזער לעבן!

---

## די תפילה.

צו דיר, אָ, פרייהייט! רייִנער קוואַל
פון פרייִדן ליכטיקע און שטילע,
פליט אונזער ליד, פון טרערן מיד,
פאַר דיר צעגיסט זיך אונזער תפילה:

קום, ליבע, טרייַע, קום צו אונז!
און ווי די שאַרפע פייַל פון בויגן,
וועט טאָן אַ שלאָג דייַן העלער טאָג
אין די תליונים׳ס בייִזע אויגן.

ווי אייַזן האַרט און שווער ווי בלייַ,
וועט זייַ דייַן פרישער ווינטל דריקן;
אַ טויט־שטראָף זייַן וועט זייַ דייַן שייַן;
דייַן רייִנע לופט וועט זייַ דערשטיקן.

צו דיר, אָ, פרייַהייַט! קלאָרער קוואַל
פון פרייִדן ליכטיקע און שטילע,
פליט אונזער ליד, פון צאָרן מיד,
אין פלאַמען גיסט זיך אונזער תפילה...

---

## וויג־ליד.

רו דיך אוים, מייַן פייִגעלע,
שטייַ אויף שטאָלץ און שנעל;
ס׳זאָל דייַן ליכטיק אייִגעלע
שייַנען קלאָר און העל.

עס זאָל דייַן קלייִנע פליגעלע
ווערן שטאַרק און גרויס
און — אַרויס פון וויגעלע!
אויף דער וועלט אַרויס!

דאָרט, וואו שלאָפע ציטערן
פון דעם טיפן פײַן,
מיט דעם שמאַרץ דעם ביטערן
זאָל דײַן שלאַכט-פעלד זײַן!

געגן טרויער, אָרמוט, לייד,
שטרײַטן ווי אַ העלד;
פרײַהײַט, ליבע, ליכט און פרייד
ברענגען אויף דער וועלט!...

## פריהלינג-ליד.

עס וואַרימט זיך, עס פעסטשעט זיך
דאָס גרינע אַקער-פעלד.
עס שפּראָצט אַרוים דאָס קערנדל,
דערזעט די ליבע וועלט;

דערפילט די זון די ליכטיקע,
דעם פרישן, פרײַען ווינט;
עס ציט זיך צו דעם הימל-שײַן
און קוויקט זיך, ווי אַ קינד...

גענוג געלעגן טיף אין דער ערד,
פון ליכט און לעבן ווײַט,
די גראָע טעג, די שוואַרצע נעכט,
די לאַנגע ווינטער-צײַט!

שפּראָצט-אויף איר, זאַנגען גאָלדענע,
און פילט זיך אָן מיט זאַפט!
פאַרגים, פאַרפלייץ דאָס פרײַע פעלד,
אָ, יונגע, פרישע קראַפט!

דער פרילינג גייט... עס בליצט, עס רוישט...
פאַרשוואונדן וועלן ווײַט
די גראָע טעג, די שוואַרצע נעכט,
די לאַנגע ווינטער-צײַט...

# די פאָן.

ניט פון גאָלד־שטאָף, ניט פון זײַדנס
איז די פאָן געמאַכט;
אין אַ שרעקלאַכן געוויטער,
אין אַ שטורעם־נאַכט

האָט גערוישט דאָס אַלטע שפּינראָד;
און די בלײַכע נויט
אין אַ פײַכטן קעלער־ווינקל,
ביי אַ חלב־קנויט,

האָט געוועבט די גרויע פּאָדים
ריין און שטײַף און גוט,
און געפאַרבט זיי — מיט די לעצטע
טראָפּן אייגן בלוט.

אַלע ווייטיקן און לײַדן,
יעדע פרישע וואונד
פון די טיפע תפיסה־גריבער,
פונ׳ם שוואַרצן גרונד,

פון די הונגעריקע דערפער,
פון די דושנע שטעט,
וואו עס איז פאַרבלענדט דאָס לעבן,
ווי פון הינערפלעט;

אַלע ווייטיקן און לײַדן,
אַלץ, וואָס יאָרן־לאַנג,
האָט פאַרגיפטעט איר נשמה,
ווי די בייזע שלאַנג;

אַלץ, מיט וואָס געדריקט איר לעבן
האָט די טיראַנײַ,
אין געמיט איר גאַל געגאָסן
און אין האַרצן בלײַ —

האָט די פאָלקס־נויט אין די רויטע
פעדים איינגעוועבט...
זעסט? די פאָן — זי וויַיט, זי פלאַטערט
און צום הימל שטרעבט!

און די שאָטנס ווערן בלייַכער,
און עס קרייַט דער האָן;
און עס שייַנט דער מאָרגנשטערן
אויף דער רויטער פאָן!

---

## אַלץ אין אָרדנונג.

עס גייַט אַרום דער פראָסט דער אַלטער
וואַלד אויס, וואַלד איין, פון פעלד צום טייַך,
פון באַרג צום טאָל; באַקוקט זייַן נחלה —
זייַן טויט־פאַרוויגטעם קעניגרייַך.

„— גוט! — זאָגט ער. — זייער גוט! מייַן מלאכה
איז רואיק. וואָס אַן אויג נאָר זעט,
איז אַלץ פאַרשמידט אין שווערע קייטן,
אַלץ פאַרפראָרן און פאַרשנייט...

„עס רוישן נאָר די וואַסער־פאַלן,
עס פליט און שפריצט דער שוים פון זיי;
נאָר אויך פאַרקלעמט אין טויטע ראַמען
פון בלאָען אייַז און וויַיסן שניי.

„נאָך ערגעץ דאָרטן אין די טיפע
און ענגע קעסל־גריבער שיסט
און שלאָגט דער וואַסער־זייַל דער בייזער
פון אָפגרונד... נאָר — אומזיסט, אומזיסט!

„ס'איז אַלץ פאַרגאָסן און פאַרקאָוועט
אין שטאָל און אייַזן דאָרט און דאָ...

עס וואַיען נאָר די וועלף פון הונגער,
עס קאַרקעט נאָר די שוואַרצע קראָ.

„און פון די וויסטע, ווילדע טונדרעס,
פון יענע זומפּן, וואו עס זעט
קיין איינציק גרעזעלע דאָס אויג ניט,
וואו אייביק הערשט און אייביק ווייט

„דער שלאָף דער טויטער, קומט צופליען
די ווייסע סאָווע. זי צעשפּרייט
אויף מיר, ווי זעגלען אין דער לופטן,
די פליגלען אירע פרייַ און ברייט;

„זי שאַרפט און שאַרפט דעם קרומען שנאָבל, —
זי פילט — ס׳וועט זיין אַ רייַכער רויב...
עס פאַלן שפּערלינגען פאַרפראָרן,
פאַר׳חלש׳ט זיצט אין נעסט די טויב...

„די זון איז מאַט, די זון איז רואיק...
אַלץ ליגט פאַרשטיינט, פאַרגליווערט שויך,
עס פונקלט נאָר און בליצט די נאָרד־שיין —
די קאַלטע, טויטע ווינטער־קרוין!!"

---

## אומווילליקע קרבנות.

אַן אָדלער האָט מען היינט דער׳הרג׳עט,
פון פעלד אין יעגער־שטוב געבראַכט.
די טויטע פליגלען ברייט צעוואָרפן,
די העלע אויגן צוגעמאַכט, —

איז ער געבליבן ליגן דאָרטן
אין בלוט, אין שמוץ... דעם פּריצ׳ס הונט
האָט אים אַרומגעשמעקט, מיט חשק
גענומען לעקן פון דער וואונד

די לעצטע טראָפּנס און געוואָרטשעט
פון פאַרגעניגן... ס׳האָט די נאַכט
דעם עופות-הויף אין רו פאַרוויקלט,
די טירלאַך, לאָדן צוגעמאַכט.

עס זײַנען רואיק אין די שטײַגן
געזעסן דאָרט, פון קעלט באַשיצט,
די פעטע גענז, די דיקע ענטן,
אין שלאָף געקוויקט זיך און געשוויצט...

און נאָר דער פעלזן-קוואַל האָט רוישנד
זײַן פרײַען שטראָם אין טאָל געיאָגט,
געשפּריצט אַרום מיט טרערן-פּערל
און אויף דעם אָדלערס טויט געקלאָגט...

* * *

יאָ, אמת, שטאָלצער, שטאַרקער אָדלער,
דו אַלטער העלד פון לופט און שײַן!
דײַן נעסט איז אויך ניט פרײַ פון שאָדן,
עס רײַסט זיך אויך אַהין אַרײַן

דער צפון-ווינט מיט פרעסט און שנייִען...
ער פּײַפט, ער טאַנצט, ער דרייִט זיך ווילד,
ער פּרוּווט צעברעכן דײַנע פליגלען,
דײַן אָדלער-ברוסט דײַן העלדן-שילד.

נאָר דו הייִבסט אויף דעם קאָפּ דעם שטאָלצן,
צעשפּרייִסט די פליגלען ברייִט און פרײַ
און ווידער קעמפסטו, ווידער פּרוּווסטו
דײַן גיבור-מזל פון דאָס נײַ!...

באַזיגט דער שונא דיך דער בייִזער,
לעשט אוים אין ברוסט דעם לעצטן גלוט;
און דו באַגיסט אין פּײַן און ווייִטיק
די קאַלטע ערד מיט וואַרעם בלוט...

בלייבט פאָרט די טרייסט דיר: ביסט געפלויגן,
געפלויגן מעכטיק, הויך און ווייט;
דו האָסט געלעבט אַן אָדלער-לעבן,
דו האָסט געפירט אַ העלדן-שטרייט!...

* * *

אַך, אָדלער, אָדלער! זעסטו אָבער
די פּוסטע נעסטעלאַך, געבויט
אין וויסטע חורבות, קאַלטע קוימענס,
אין אַלטע ווענט? צו יעדן פּלויט,

צו יעדן צווייַגל צוגעטוליעט,
אין יעדן שפּאַלט, בייַ יעדער בריק?
דו זעסט די נעסטעלאַך די פּוסטע?
די לעצטע טרייסט, דאָס אייַנציקע גליק

איז דאָרט דאָס ווינקעלע דאָס שטילע,
דאָס ביסל וואַרימקייַט אין קעלט,
דער מילדער בליק מיט פרייד און פּחד
אַרויף, צום ווייַטן הימל-צעלט —

צי גייט שוין ניט דער ליבער פרילינג,
ס'זאָל זייַן כאָטש וואו, אין פעלד, אין טאָל
אַ טרוקן קערנדל געפינען,
אַ פליג, אַ ווערימל אַמאָל...

דו זעסט די פייגעלאַך די טויטע?
זיי האָט דער ווינט פאַרוויִט מיט שניי,
מיט שאַרפע נאָדלען אויסגעשטאָכן
די קלאָרע אייגעלאַך בייַ זיי.

די שוואַכע פליגעלאַך צעבראָכן,
דערשטיקט, אין טויטן שלאָף פאַרשמידט;
און איז זיך פרייַ אַוועקגעפלויגן
און לאַכט, און זינגט זייַן תלין-ליד!...

* * *

איר, אָדלערן, קאָנט אָפּט זיך רעטן
פון טויט-געפאַר און פון געוואַלד:
ניטאָ פאַר אייך צו-הויך אין הימל,
ניטאָ פאַר אייך צו-טיף אין וואַלד.

איר ווילט ניט, אָדלערן! איר ווילט ניט
פון שונא אָפּטרעטן אַ טריט;
און זיי, די עלנדע און שוואַכע,
זיי קאָנען ניט, זיי קאָנען ניט!!...



## זומער-ליד.

אויף די גערטנער, אויף די פעלדער
הער איך זיסע שטימען זינגען, —
ווי די פרייע, בלויע וועלן
רוישן, גיסן זיך און קלינגען.

אין אַ פרישן קראַנץ פון זאַנגען,
פריי פון טרויער און פון קומער,
אויף די טאָלן, אויף די פעלדער
שוועבט דער שיינער, ליבער זומער.

זומער־פײגעלאַך פון גאָרטן,
סטאַיעס בינען פון די שטאָקן
פליען אום און טאַנצן, שפּרינגען
איבער זײַנע שוואַרצע לאָקן.

זיסע װאַרימקײַט טוט װײען
פון די גרויסע ברוינע פליגל
אויף די שטראָמען, װעלכע גלענצן
העל און ליכטיק װי אַ שפּיגל,

אויף די בײמער, װעלכע שטײען
שוין באַװאַקסן און באַהאַנגען;
אויף די פרײַע, גרינע פעלדער,
װאו די הויכע שײנע זאַנגען

בײגן אָן די שטאָלצע קעפּלאַך
אײנס צום אַנדערן און זשומען:
„— אַך, װען װעלן זײ, װען װעלן
שוין צו אונז די שניטער קומען?...“

און די שניטער גײען, אײַלן...
סערפּעס, קאָסעס גלאַנצן, קלינגען...
אויף די טאָלן, אויף די פעלדער
הער איך זיסע שטימען זינגען.

אויף די פעלדער, אויף די טאָלן
הער איך קלינגען זיסע לידער, —
און מײַן אַלטער, טיפער טרויער
װאַכט שוין אויף אין האַרצן װידער!...

---

# ווינטער לידער.

## 1.

באַדעקט האָט דער ווייַסער, דער זילבערנער שניי
די וועלדער, די בערג און די טאָלן;
עס גלאַנצען די ביימער, עס הענגען אויף זיי
די צווייַגן ווי העלע קריסטאָלן.

די יונגינקע ווערבע בייַם ברעג פונ׳ם טייַך,
דער צעדער, דער שטאַרקער און אַלטער,
אין ווייַסע תכריכים האָט אָנגעטאָן גלייַך
זיי אַלע דער ווינטער, דער קאַלטער...

ס׳איז פינסטער און שטום אַרום און אַרום,
מען זעט ניט קייַן איינציקן שטערן;
דער שניי שיט און שיט, עס פרירן נאָר ניט
די טרערן — די ביטערע טרערן...

ניטאָ גאָר פאַר זיי קייַן פראָסט און קייַן שניי,
זיי טריפן און טריפן פון האַרצן;
עס וואַרעמט זיי דאָרט, עס זידט זיי און קאָכט,
דאָס פייַער פון אינערע שמערצן.

עס וואָיעט דער ווינט, ער וויינט ווי אַ קינד,
ער ברומט ווי אַ חיה... עס רוישן
די ביימער אין וואַלד... ווי פינסטער, ווי קאַלט,
ווי שרעקלאַך אַצונד איז אין דרויסן!

## 2.

אַך, גליקלאַך איז דער, וועמען גאָט האָט געגעבן
אַ וואַרעמן ווינקל, אַ שטילן און ליבן,
וואו אים איז פאַרברענגען זייַן לעבן באַשערט;
ניט וואוינען אין שכנות, פאַרפינסטערט דאָרט ווערן
און צאָלן שכר-דירה מיט בלוט און מיט טרערן.
נאָר... איר הערט?!

אַ שטימע קלינגט, אַ ליבע, ריינע;
דאָס זינגט איר לידעלע — איר הערט? —
דאָס זריעה־קערנדל דאָס קליינע,
וואָס ליגט באַגראָבן אין דער ערד:

„— ניט קיין וואַרעם ליכטיק שטיבעלע
האָט דער פויער מיר געמאַכט:
אין אַ קאַלט און פינסטער גריבעלע
ליג איך איינזאַם טאָג און נאַכט.

אַך, פינסטער איז מיר,
ענג איז מיר דאָ,
קיין טויער, קיין טיר,
קיין פענסטער ניטאָ.
איך ליג דאָ אין שטויב און איך שימל.
איך לעב אָבער, ברידער!

איך לעב! ווייל איך וואַרט,
איך ווייס דאָך, ניט אייביק
וועט הערשן די נאַכט,
די וואָלקן באַדעקן דעם הימל;

עס מוז זיין אַ סוף!
עס וועט זיין אַ סוף
צום פראָסט און צום שטורעם,
צום פינסטערן שלאָף!
דער פרילינג, דער פרילינג וועט קומען
מיט ליכט און מיט וואַרעמקייט,
פרייד און געזאַנג;
און פריילאַך וועט שפּראָצן
מיין גאָלדענע זאַנג
פון צווישן דעם גראָז און די בלומען!"...

# אין א ווינטער-נאכט.

### 1.

די באבעניו זיצט מיט׳ן זאָק אין דער האַנט.
דאָס לעמפּעלע צאַנקט. פון די שפּיזלען
צעוויגן-זיך, לויפן אַרום אויף דער וואַנט
אי חיות, אי פויגל, אי ריזן...

די באָבעניו שווייגט... אַלע מעשות שוין לאַנג
אונז איבערדערציילט פאַר׳ן זומער...
אין האַרצן ביי איר ליגט אַ גיפטיקע שלאַנג,
אַ טיפער, אַ גליענדער קומער...

אין דרויסן איז פינסטער, אין דרויסן איז קאַלט,
דער שניי האָט די סטעזשקעס פאַרשאָטן...
אַן אומעטיק בילד, אַ פאַרטרויערט געשטאַלט
שוועבט לאַנגזאַם און שטיל ווי אַ שאָטן...

די אַלטיטשקע זיצט ביי דעם לעמפּעלע, שווער
און טיף איז איר רוקן געבויגן...
זי זיפצט און זי שעפּטשעט... אַ טרער נאָך אַ טרער
באַלויכטן די דונקעלע אויגן...

### 2.

„— אוי, נעסטעלאַך, נעסטעלאַך פּוסטע! מיט שניי
פאַרשאָטן, פאַרגליווערט געוואָרן...
עס פליען די ווינטען און קלאָגן אויף זיי,
און רוישן און גרימען מיט צאָרן...

„אוי, פייגעלאַך ליבע! וואו זענען זיי איצט?
אַוועק איבער בערג, איבער מערן;
אַהין, וואו דער מאָרגן-שיין פונקלט און בליצט,
און ס׳שמייכלען די גאָלדענע שטערן.

„אַהין, וואו די לופט איז געזונט, ריין און פריי,
וואו שניי-ווייסע וואָלקנס נאָר שוועבן —

צו אָנהײבן דאָרט פון דאָס נײַ, פון דאָס נײַ
אַ פרײַעס, אַ גליקלאַכעס לעבן.

„דער ווינטער איז לאַנג, נאָר דער שניי וועט צעגיין,
דער גאָלדענער פרילינג וועט קומען;
דער הימל וועט ווערן אי ליכטיק, אי ריין,
די גערטנער באַשאָטן מיט בלומען.

„די ערד אין איר אַלטן, געוועזענעם גליק
וועט ווידער אי שײַנען, אי בליען;
און פריילאַך אַהער וועלן קומען צוריק
די פייגעלאַך ווידער צופליען...

3.

„אוי, קינדערלאַך מײַנע, פון ווינטן און קעלט
פאַרגליווערטע, קראַנקע נשמות!...
זיי זענען אַוועק ערגעץ דאָרט אויף דער וועלט
צו זוכן הצלחות, נחמות.

„זיי זענען אַוועק אין אַ פינסטערער צײַט,
אין שווערע, אין ביטערע יאָרן;
און זייער געבורט-אָרט איז פרעמד שוין און ווײַט
פון זייערע אויגן געוואָרן.

„צי האָבען זיי דאָרטן שוין נעסטן געבויט
צו פירן אַ פרײַען, אַ זיסן,
אַ ליכטיקן לעבן, פון שרעק און פון נויט,
פון קעלט און פון ווינטן ניט וויסן?

און אפשר אויך דאָרט איז ניטאָ וואו פאַר זיי
צו צוטוליען זיך מיט׳ן אַלטן
פאַרמאַטערטן קאָפּ, און פון קעלט און פון שניי
די עלנטע ברוסט צו באַהאַלטן?

„קיין איינציקער טראָפּן אין לייד און אין פּײַן
ניטאָ צו באַפרישן דעם גומען...

אײנס װײס איך: װי שלעכט עס זאָל דאָרטן נישט זײַן —
צוריק װעלן זײ שױן ניט קומען...

* * *

„דער פראָסט װערט אַלץ גרעסער; זײַן אײַז־קאַלטער פלוס
צעגיסט זיך פון אַלע פיר זײַטן...
פאַרװאָגלטע פײגעלאַך מײַנע! אַ גרוס,
אַ הײס־ליבן גרוס אײַך פון װײַטן“...

## אַ זומער־נאַכט.

די נאַכט איז שטיל, די נאַכט איז פינסטער;
מיט שװאַרצע שאָטנס איז באַדעקט
דער שטילער טײַך. די גערטנער שלאָפן;
עס װײט מיט פרישע גראָז; עס שמעקט
פון װאַלד מיט שװאָמען און מיט בלומען.
די לופט איז רײן, און פריש, און קיל.
אַלץ שלאָפט און רוט אין שטילן פרידן.
נאָר פון דער אַלטער װאַסער־מיל
הער איך צװײ ליבע, זיסע שטימען:
צװײ יונגע טױבן װאױנען דאָרט;
זײ װאָרקען, האַלזן זיך... װי רואיק
איז זײ אויף זײער שטילן אָרט!...

איך גײ אַהין. אַן אַלטע װערבע
שטײט אױפ'ן שטילן, גרינעם ברעג.
זי איז מײַן פרײַנד, זי איז מײַן חבר
אין מײַנע טרױעריקע טעג.
מיר זײַנען ליב די אַלטע צװײַגן,
װאָס הענגען טרױעריק אַראָפּ,
גלײַך װי פאַרצײַטן בײַ אַן אבל
די האָר פון טרױעריקן קאָפּ.

זי איז מיר ליב די אַלטע ווערבע:
אָפט זיץ איך איינזאַם אונטער איר,
און זי באַדעקט מיך מיט די צווייַגן,
גיסט אויס אַ זיסע רו אויף מיר.

פאַר וואָס זשע ציטערסטו, מייַן קראַנק,
מייַן עלנד האַרץ, אין פּייַן, אין שרעק?
די אַלטע, טרויעריקע בילדער —
אַך, גייט אַוועק פון מיר, אַוועק!...
נייַן, ברידער מייַנע! אייביק טראָגן
מוז איך מייַן גרויסן, שווערן יאָך;
ניטאָ פאַר מיר קייַן רו, קייַן פרידן —
די אַלטע בילדער לעבן נאָך...
אין טיפן שלאָף, אין שטילן דרימל
שטייט אויף אַ ווייַטעס, ליבעס לאַנד
מיט אַלטע הויכע, גרויסע דעמבעס,
וואָס וואַקסן בייַ אַן אַלטער וואַנט...
בייַ יענער וואַנט פון בית-המקדש,
וואָס איז פאַר אונז געבליבן שטיין
ווי אַ מצבה; אַ זיכרון
פון דעם, וואָס איז אַמאָל געווען...
איך זע דאָס פעלד, איך זע די קברים,
אין וועלכע ס׳ליגט דאָס אַלטע גליק,
די קראַפט און מוט און פרייד, פאַר וועלכע
עס איז ניטאָ קייַן וועג צוריק...
פון באַרג נ ב ו, פון ר א ש ה פ ס ג ה
שטייט אויף אַ הויכער, גרויער מאַן.
איך הער זייַן קלאָג, אַ טיפן יאָמער:
„ביז וואַן, דו שטאַרקער גאָט! — ביז וואַן!...“
עס הייבט זיך אויף אַ ווינט, אַ שטורעם,
עס גייט אַ יאָמער, אַ געשריי...

די גרויסע דעמבעס רוישן, ברומען,
די צווייַגן ברעכן זיך אויף זיי.

און פון דער אַלטער וואַנט טוט גייַן
אַ קלאַנג פון גרויסן, טיפן שמאַרץ...
שלאָף איין, שלאָף איין, דו אַלטעס אומגליק,
גיב רו צו מייַן פאַריאָמערט האַרץ!...

* * *

אַך, לאָז שוין זייַן אַ סוף אַמאָל!
גענוג געקלאָגט, גענוג געליטן...
נייַן, ווי צו מיר! — עס שלאָפט זיך ניט,
ניטאָ פאַר מיר קיין שלאָף, קיין פרידן.

עס שלאָפט זיך ניט: זיי רוען ניט
די אַלטע וואונדן — אַלטע צרות;
זיי ברענען, רייַסן מיר מייַן האַרץ...
אַוועק! אַוועק, מחשבות זרות!

אַ זומער־נאַכט... אַ בוים... אַ בלום...
אַ זיסער שלאָף אין רו, אין פרידן...
דו נאַר, דו נאַר, דו אַלטער נאַר!
וואָס קער זיך אָן דאָס מיט אַ אידן?!

שוין! אַלץ פאַרגעסן, וואָס מיט דיר
מען לערנט, חזר'ט שוין אָן ערך
צוויי טויזנט יאָר!... אַ בוים, אַ בלום...
נו, נאָך וואָס? פייַן פון דיר, אַ דרך...

אַ זומער־נאַכט... אַ טייַך... אַ בוים...
פייַן! שפּיל זיך, שפּיל זיך מיט'ן שטן!...
דו ווייסט שוין ניט, געדענקסט ניט, וואָס
איז דיר ערלויבט און וואָס פאַרבאָטן? —

שטיי אויף צו חצות, הייב אויף דייַן קול,
שרייַ, קלאָג און יאָמער, וועק דעם עולם,

שרײַ, קלאָג! — אַך, אפשר וועט שוין פאָרט
דערהערן דיך דער בורא עולם...

* * *

עס שלאָפט זיך ניט... אַך, קום צו מיר,
דו גוטע, ליבע, טרײַע, פײַנע;
באַשיץ דײַן עלנד, קראַנקעס קינד,
פאַרוויג, פאַרוויג מיך, מאַמע מײַנע!

מײַן האַרץ איז קראַנק! מײַן האָר איז גרוי;
דער גלוסט פון אַלע קראַנקע זעלן, —
דער שלאָף, — ער לויפט פון מיר אַוועק...
דו אײנע, אײנע קאָנסט מיך הײלן.

אַך, זע: איך בין דאָך נאָך אַ קינד,
אַן עלנד קינד... גיב, גיב מיר נײַע
און פרישע קרעפטן... קום צו מיר,
פאַרוויג, פאַרוויג מיך, ליבע, טרײַע!...

* * *

פון יענער זײַט וואַלד
גײט אויף די לבנה,
ווי בלײך איז איר אָנבליק,
ווי קאַלט איז איר שײַן!

אַ הײליגע רו,
אַ גאָלדענער חלום —
גיסט זיך מיר ליבלאַך
אין האַרצן אַרײַן.

עס שטײט פאַר מיר אויף
מײַן ווײַטער געבורטס־אָרט:
אַ צימערל ליכטיק
און זויבער און קיל...

א וויגעלע שטייט...
א ווייסינקער פארהאנג...
ווי רואיק איז דארטן,
ווי רואיק און שטיל!...

איך בין נאך א קינד,
א לעבעדיקס, א פרישס;
איך ווייס נאך ניט ו ו ע ר איך בין
ו ו א ס וועל איך זיין...
עס שפילט זיך מיט מיר
דאס קילינקע ווינטל,
מיך ווארימט, גאלובעט
די זילבערנע שיין.

דאס לעמפעלע ברענט;
ביים טיש זע איך זיצן
מיין אלטיטשקע באבע
מיט'ן זאק אין דער האנט;
דער שאטן פון שלייער
ווייזט אויס, ווי א חיה
מיט הערנער, וואס ציטערט
און לויפט אויף דער וואנט...

מיין אלטיטשקע באבע
דערציילט מיר א מעשה...
ווי ליבלאך, ווי ווארים,
ווי פרייליך איז מיר!...
עס שמעקן די בלומען,
עס שיינען די שטערן...
אך, זעט נאר, וואס איז דאס?
ווער גייט דאס צו מיר?...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דאס קלייניגקע ווייסינקע ציגעלע

שטייט ווידער שוין הינטער מיין וויגעלע,
איר קעפּעלע ציט זיך צו מיר;
און רייניקע, וואַרימע טרערעלאַך,
ווי העלע און ליכטיקע פּערעלאַך
טריפן און פאַלן אויף מיר...

צוויי בילדער — צוויי ווייסינקע פייגעלאַך
מיט העלע און ליכטיקע אייגעלאַך
פליען און שוועבן צו מיר:
מיין קינדהייט און יוגענד באַגעגענען זיך,
זיי זינגען, זיי וויינען — זיי זעגענען זיך
אויף אייביק, אויף אייביק מיט מיר...



## צוויי אויגן.

אַך שמייכל, שמייכל, מיידעלע!
עס קוקט אַ רעגנבויגן
מיט הימל־בלוי, מיט הימל־גלאַנץ
פון דיינע ליבע אויגן.

און דאָך... און דאָך — צוויי אַנדערע,
זיי לייכטן שטיל און זעלטן,
דאָך גאַנצע הימלען עפנען זיי,
באַדעקן גאַנצע וועלטן.

מיט רעגן־טוי, מיט רויזן־שטויב,
מיט גלוסט, מיט ריינעם, פיינעם, —
די צוויי, די צוויי חן־גריבעלאַך
ביים קלאָרן שמייכל דיינעם!

---

## חברים.

דיין קלאָר, זיידן הענטעלע,
קינד מיינס, גיב מיר היינט!
גאָענט, אייגן זענען מיר,
ווי צוויי אַלטע פריינט.

איין באַצויבערט מעשה׳לע
לעזן מיר פאַרוים —
דו פון אָנהייב, איך צום סוף, —
נו, וואָס מאַכט עס אוים?!

איין זים, ליכטיק לעבן־טרייםט
און איין לעבן־ווייי
דעקט מיט שיין דיין קעפעלע
און מיין קאָפּ מיט שניי.

אײַן געשענק איז אײַנגעטיילט
אונז פון לעבן־שוים:
מיר — דער שאָטען, דיר דער שײַן.
נו, וואָס מאַכט עס אוים?!...

---

## די ווילדע טויב.

צום גראַניטן־פעלז איר ברוסט ליבלאַך צוגעפרעסט,
אײַנגעשלאָפען איז אַ טויב אין אַן אָדלער־נעסט.

אָדלער־טרוימען, אָדלער־גײַסט, אָדלער־קאַמף און זיג
האָבן זי באַשפּינט, באַוועבט און פאַרוויגט איר וויג...

אין דער הײַם פון דעמאָלט אָן לעבט זי אײַנזאַם, שטום;
„ווילדער פויגל", „ווילדע טויב" רופט מען זי אַרום.

„ווילדע!" קרײַזט די שוואַרצע קראָ, „ווילדע!" זשומט די פליג...

יוגנט־טרוים! מײַן טויבן־שלאָף אין דער אָדלער־וויג!...

---

## חנוכה שפּיל.

„— קינדער! הערט, וואָס כ'וועל אײַך פרעגן: —
האָט געזאָגט אונז נחום־מענדל
חיים־בערס, אַ יונג מיט בײַנער
און דערצו אַ קלוגער קאָפּ:

„פּורים־שפּיל איז פון פאַרצײַטנס
דאָ בײַ אונז; דאָס גאַנצע שטעטל
קאָכט און אַרבעט, ברענט און פלאַקערט,
אַ יריד, אַ טאַראַראַם!

„קומט אַ חנוכה — איז גאָר ניט;
אָפּגעבענשט די ליכטלאַך, לאַטקעס

אָפּגעגעסן, מיט׳ן דריידל
אָפּגעדריידלט — און אַ סוף.

„סטייטש, מיט וואָס איז, זאָגט מיר, ערגער
נעבאַך, חנוכה פון פורים?
און פאַרוואָס ניט מאַכן טאַקע
אויך אויף חנוכה אַ שפיל?

„וואָס? איר מיינט מען דאַרף דאָ עפּעס
גרויסע חכמות? גאָר ניט! נעמט אונז
ווי מיר שטייען דאָ, איז האָט איר
גאָר אינגאַנצן, גיך און גוט:

„איך וועל זיין דער מלך־יון;
דו, אברהמ׳ל שפּילסט, למשל,
מתתיהו כוהן־גדול;
און יונים וועלן זיין:

„חיים, טאָדרעס, איצע, בערקע,
חנה, נחמן, פּיצע, שמערקע,
עוזר, לייזער, גרשון־בער
ווער עס וויל — אַבי וואָס מער.

„דאַרף מען וואָס? אַ פאָן? אַ קיצור —
צו אַ לאָפּעטע אַ פראָסטער
בינדט מען צו אַ טלית־קטן, —
פאָך מיט אים און שריי: „הוררראַ!

„הייבט זיך אידן! אַ מפּלה
אויפ׳ן יון! איינגעזונקען
זאָל ער ווערן!...“ האַ? וואָס ווייטער?
בגדים פרעגט איר? אויך אַ זאָרג!

„איך, למשל... ס׳איז אַ פענדל
דאָ ביי אונז פון רויטן קופּער

מיט אַ שפּיצעכדיקן הענטל,
כ׳טו זי אָן, פֿאַרוויקל זיך

„פֿון דער נאָז און ביז די פּיאַטעס
אין אַ קאָדלרע, אין אַ רויטער
און, פֿאַרשטייִט איר? אָט־אָ בין איך,
אַנטיוכוס אויסגעטאָקט!

„איר, יונים, ס׳הייִסט סאָלדאַטן,
טוט זיך אָן אין קלייִדלאַך, קאָפּטעס,
ווי דער מנהג איז ביי גרעקן;
שטעקנס, קאַטשערעס און העק

„וועלן זיין ביי אייך כלי־זיין.
סמירררנאַ!... שאַגאָם... מאַרש!... פֿאַרשטאַנען?
דו אברהמ׳ל — מתתיהו —
נעם ביים טאַטן דעם כאַלאַט

„מיט די קוטאַסן, אַ בגד
פֿאַר אַ כוהן־גדול — פּשוט
אויסגעגאָסן; דאַרף מען בעסערם?
אָן אַנטיק — אי ברייִט, אי לאַנג!

„חוץ דעם, ברודער, נעם אַ גרויסן,
לאַנגן, שאַרפֿן מעסער. מחמת,
ווי דו ווייִסט דאָך, דאַרפֿסטו דאָרטן
שטעכן יונ׳ס קאָמאַנדיר.

„שטעל זיך פֿאָר: דער יאָלד אין גרויסע,
לאַנגע שטיוול, מיט אַ קעסל
אויפֿ׳ן קאָפּ, מיט לאַנגע וואָנצעס,
מיט אַ שפּיז אין האַנט... און דו —

„טוסט אַ שפּרונג, לויפֿסט צו: „דו גזלן!“ —
שרייסטו. — „דו רוצח אייִנער!

ווילסט מען זאָל אויף גאָט פאַרגעסן ?
אויפ'ן גרויסן, שטאַרקן גאָט,

„וועלכער האָט פון לאַנד מצרים
אונז דערלייזט, דעם ים געשפּאָלטן
און אַרייַנגעפירט דאָס ליבע
פאָלק ישראל אין אַ לאַנד,

„וועלכעם טריפט מיט מילך און האָניק,
בליט מיט באָקסערן און מאַנדלען, —
זאָלן מיר אויף אים פאַרגעסן ?
צו דייַן געטשקע בוקן זיך ?

„כורעים פאַלן פאַר'ן חזיר,
וואָס דו ברענגסט אים פאַר אַ קרבן ?
האַ ? דאָס פאָדערסטו, דאָס ווילסטו ?
נייַן, אַ מכה דיר אין האַלז !

„נאַ דיר, נאַ, ימח־שמו'ניק !" —
און אַ שטאָך אים מיט'ן מעסער
גלייַך אין בויך אַרייַן !... פאַרשטייסטו ?
די יונים בלייַבן שטיין

„אויף אַ רגע, ווי פאַרגליווערט...
נאָר דערזעענדיק דעם גיבור
מיט די וואָנצעס, ווי ער אַקערט,
גראַבלט מיט דער נאָז די ערד,

„כאַפּן זיי זיך אויף און לויפן
הענדום־פּענדום... אַ בהלה,
אַ דערשטיקעניש... עס פליען
קלעפּ ווי האָלץ... עס קאָכט, עס זידט...

„דער מזבח קערט זיך איבער
אויף אַ זייַט... דער חזיר כריוקעט,
קוויטשעט !...

שטיי נאָר... וואַרט אַ ביסל!..."
נחום־מענדל שטעלט זיך אָפּ,

טוט אַ רייַב דעם שטערן: — „הערסטו —
מאַכט ער, — „גאָר ניט נאַריש, כ׳לעבן;
אַ מזבח מיט אַ חזיר...
גוט... נאָר... אָבער אַז אַזוי,

„הייסט עס, דאַרף מען דאָך אַ חזיר!
ווער זשע וועט דעם חזיר שפּילן?...
בערקע! הער, דו ביסט אַ נפש
מיט אַ געמבע, האָסט אַ קוויטש

„במתנה פון זיין ליבן
נאָמען, — אַי, אַ קוויטש! ס׳איז ממש
אַן אַנטיק; דער גרעסטער חזיר
איז אַ הונט אַנטקעגן דיר.

„נעם זשע, בערקע־לעב, די ראָליע,
שעם זיך ניט. פאַר אַ דבר־מצוה
מעג מען, ברודערקע!...

נאָר בערקע
ווערט צעקאָכט: „אַ, גיי אין דר׳ערד!" —

שרייט ער אויס — ווער איינגעזונקען
מיט דעם גאַנצן שפּיל אינאיינעם!
הערסט אַ פּלאַן? אַ שיינעם כבוד
גיט ער מיר: אַ חזיר זיין!?"

קורץ דערציילן, וויפיל אינגלאַך
ס׳זענען דאָרטן ניט געווען, —
קיינער האָט דעם חזיר שפּילן
בשום אופן ניט געוואָלט.

אַ טרפניאַק, אַן אַפּיקורס,
אַ גלוח — כאָטש דעם גרעסטן

הולטאַי — וואָס איר ווילט, אַבי נאָר
ניט קיין חזיר... אָט אַזוי,

ליבע ברידער, ווי כ׳דערציייל אייך,
איז צו נישט געוואָרן אונזער
שפּיל אויף חנוכה, פאַרפאַלן
נחום-מענדלס גאַנצער פּלאַן.

איך דערמאָן זיך אויף די אַלטע
יאָרן, און איך טראַכט: באמת
וואָלט אַ יושר זיין צו מאַכן
אויך אויף חנוכה „אַ שפּיל“.

אי מחברים, אי אַקטיאָרן,
קיין עין-הרע זאָל ניט שאָדן,
האָבן מיר; וואָס קאָן זיין גרינגער?
און בפרט-נאָך איצטער, ווען, —

ווי איר ווייסט אַליין מסתמא, —
צווישן אידן, ליבע ברידער,
אין אַ חזיר אַ מניעה
וואָלט אַוודאַי ניט געווען...

---

## די לאָקשנברעט.

(אַ סוכות-מעשה׳לע).

---

יום-כיפור, דאַנקען גאָט, אַוועק;
דערלעבט, געטרייע ברידער,
אוים ווייגען, זיפצן גאַנצע טעג —
מען זיצט אין סוכה ווידער;

מען זיצט באַדעקט מיט גרינעם סכך,
אין רוע און אין פריידן...

דער לולב שײַנט, דער אתרוג שמעקט —
א ריח פון גן־עדן !...

מען לעבט, מען פרײַט זיך, מען קוועלט־אָן
ווי קינדער אין די וויגן...
אַי, אַי, ווי גוט איז מצוות טאָן —
בפרט מיט פאַרגעניגן.

עס קומען אָבער פּאָר אַמאָל
דערבײַ אַזוינע זאַכן,
וואָס ממש, כ׳זאָג אײַך, גרויס און קלײַן
אָן כוחות בלײַבט פון לאַכן ;

פאַרוואַרף דעם קאָפּ און קײַקל זיך
און האַלט זיך בײַ די זײַטן !...
די מעשה איז געווען בײַ אונז
אין שמוינעווקע פאַרצײַטן.

איר מעגט עס הערן : משה־בער,
אַ בעל־הבית אין שטעטל,
האָט פלײַסיק צו דער סוכה זיך
גענומען ; וואו אַ ברעטל,

אַ טיר, אַ לאָדן — אַלץ געשלעפּט
צום בנין, אַלץ גענומען ;
די מולטער מיט דער לאָקשנברעט
איז אויך צונויף געקומען ;

אַלץ פײַן און ריכטיק צוגעפּאַסט,
די לאָקשנברעט באַזונדער :
אַ גאַנצע לאַך פאַרשטעלט מיט איר...
אַ סוכה גאָר אַ וואונדער !

אי הויך, אי ברייט, אי גרויס, כאָטש טאַנץ,
כאָטש דאַוון מיט אַ מנין ;

פאַר בראָדסקין און פאַר גינצבורגן
אַן אויסגעטאָקטער בנין.

און דאַנקן גאָט, דערלעבט די צײַט —
מ׳איז פון שול געקומען
און צו די יום־טוב׳דיקע פיש
מיט חשק זיך גענומען.

„— אײַ, העכט מיט כריין! איך זאָג אײַך, נעמט
די ביטערסטע טרפה־ניאַקעס,
וואָס עסן חזיר אויפ׳ן פוד
און קוויקן זיך מיט ראַקעס

און ווילן ניט (אַ מכה זיי!)
אַ וואָרט פון אידן הערן,
נעמט זאָגט זיי: „פיש מיט כריין" — איז רעכט
כאָטש די כפרה ווערן!..."

אַזוי האָט אונזער משה־בער
גע׳דרשנ׳ט־זיך בנעימות
און נאָך די לאָקשן בריים און פײַן
גענומען זיך צום צימעס.

נאָר דאָ, אין מיטנדרינען... גוואַלד,
וואָס איז דאָס? גאָט דו ליבער!
די סוכה טרעסטשעט, הוידעט זיך
און ציטערט ווי אין פיבער...

עס טוט אַ קרעכץ, אַ קנאַק און... טררראַך!
אוים סוכה!... וואונדער, כ׳לעבן,
וואָס ניט דער׳הרג׳עט... יאָ, אַרוים
נאָר טאַקע מיט׳ן לעבן:

בײַ משה־בערן איז אַ האַנט
צעבראָכן, בײַ נחמה׳ן

אַ פוס, ביי רבקה׳לען פאַרקלעמט
דאָס ביינכל... וויי דער מאַמען!

ביי יאָסעלען צעהאַקט אַ ליפּ,
ביי נחמנ׳קען צעריסן
אַ באַק, און חוץ דעם נאָך די צונג
אַ האַלבע אָפּגעביסן.

פון ציין און נעזער רעדט מען ניט...
איר פרעגט: וואָס איז די סיבה?
ווער האָט דאָס אַלץ דאָ אָנגעמאַכט?
אַ חזיר, מיינע ליבע!

דעם שכנ׳ס חזיר איז פאַרביי
געגאַנגען פונ׳ם שפּאַציר
און ביי דער סוכה אָפּגעשטעלט
אַ קראַץ זיך טאָן... נו, קראַצט ער

פּאַמעלאַך, וואָלט קיין אומגליק זיין...
איז ניין, ס׳איז אים ניט ניחא.
מיט אַלע כוחות אָנגעשפּאַרט,
ווי מיט אַ מין רציחה,

און דוקא אָן דער לאָקשנברעט!...
אַ תל פון אַלץ געוואָרן...
נו, הײַנט דעם מנהג ווייסט איר דאָך
פון יענע אַלטע יאָרן:

געטראָפן וואָס ניט איז אין שטאָט —
איז גייט מען צום קוואַרטאַלנע.
מע בעט אים ער זאָל משפּט׳ן,
ווי ס׳רעדט זיך, גאַנץ פאָרמאַלנע.

אין שול אַפילו האָט מען שוין
גערעשעט: ס׳דאַרף דער שכן

פאַר אַלץ באַצאָלן; הערסט, ווי דען?
זײַן חזיר האָט צעבראָכן!

נאָר דער קוואַרטאַלנע איז געווען
אַ חכם עתיק: „— אמת, —
האָט ער געזאָגט, — אַ היזיק, יאָ;
די שולד איז אָבער וועמעס?

דעם חזיר׳ס? נײַן: אַ גראָבע זאַך,
יאָ, אָבער ווײַטער — גאָר ניט:
עס בײַסט אים, נעבאַך, קראַצט ער זיך;
וואו שטײַט עס, אַז מען טאָר ניט?

נײַן, שולדיק איז די לאָקשנברעט:
נאָך וואָס איז זי געפאַלן?
כ׳ווײַס, אויף אַ פרעמדער קעשענע
איז יעדערער אַ בעלן.

נאָר איר באַקלערט די זאַך אַלײַן
גאַנץ רואיק און געדולדיק:
אַ יאָ? דער חזיר איז גערעכט,
די לאָקשנברעט איז שולדיק!“

---

## הושענות.

„אני והוא הושיעה נא“.

---

אַ ליבער גאַסט איז דאָ בײַ אונז —
הושענא־רבה איז געקומען!...
אַ גרוס דיר, אַלטעס פאָטערלאַנד,
מיט דײַנע פּירות, צווײַגן, בלומען!
אַ גרוס אײַך, פעלדער, גאָרטנס, לופט
און שײַן און וואַרימקײַט! אַ זיסן,

א ליבן גרוס איַך, באַרג און טאָל,
וואו וועלדער רוישן, טײַכן פליסן,
וואו לידער קלינגען ווי א קוואַל,
און קוואַלן קלינגען ווי די לידער!...
ווי זיס איז אונז דײַן לופט און ליכט
כאָטש פון דערווײַטן פילן ווידער!
אײן טראָפּן כאָטש פון אַלטן גליק
זאָל הײַנט דערפרישן אונזער גומען...
א גרוס דיר, אַלטעס פאָטערלאַנד,
מיט דײַנע פּרות, צווײַגן, בלומען!...

* * *

מען האָט אין שולכל אויסגעקערט
און אויסגעראַמט אין אַלע עקן;
אויף גיך פאַרוואַשן ווי ניט איז
פון בלוט און מאַרך די שוואַרצע פלעקן,
פאַרשטאָפּט די לעכער אין די ווענט,
אַרײַנגעשטעלט א דרײַ־פיר שויבן,
פאַרריכט די שטענדערס מיט די בענק —
און זאָל זיך פרײַען גאָט פון אויבן!...
הושענא־רבה איז בײַ אונז!
און וויפיל אידישע נשמות,
אזוי פיל ליגט „הושענות" דאָ
צעשפּרײַט, צעוואָרפן. א רחמנות
צו קוקן! — נעכטן זענען זײ
געווען אי פריש אי פײַכט, בײַם רײַנעם
און פרײַען טײַכעלע געלעבט,
געוואַקסן און געבליט אינאײַנעם.
און איצט...

* * *

דער עולם איז אַוועק,
דער שמש האָט די טיר פאַרשלאָסן;

אַ שטומער, טויטער דונקל ליגט
אין יעדן ווינקל אויסגעגאָסן.
און אין דעם טויטן דונקל דאָ
איז אָפּגעבילדעט פונ׳ם וויגל
און ביז׳ן קבר אונזער וועלט
ווי אין אַ רייִנעם, העלן שפּיגל:
פון אונזער אַלטן, ליבן בוים
ווי מיט אַ מעסער אָפּגעשניטן,
צעשפּרייִט, צעוואָרפן, מיט די פיס
אין שטויב, אין בלאָטע איינגעטראָטן...
אייִנס נאָר — די טיר איז אָפן!... גייִט
און זוכט, געפינט דעם בוים דעם אַלטן...
די טיר איז אָפן, — הייבט זיך אויף
און גייִט... מען וועט אייַך ניט פאַרהאַלטן...

* * *

הושענא-רבה איז בײַ אונז.
דער הימל שפּאַלט זיך... אידן קוקן
און וואַרטן... אין די אויגן ברענט,
עס שטעכט אין קאַרק, עס ברעכט דער רוקן...
אַך, שטראָף מיך ניט, דו גרויסער גאָט!
אַוודאי, כ׳האָב צו דיר קיין טענות,
נאָר פאָרט... אַ פאָלק, אַ גאַנצעם פאָלק
פון אָפּגעשלאָגענע הושענות!!!



# אַ אידישער מלמד.

אַט איז אַ פּאַלאַץ... אַך, ווי שיין,
ווי פּרעכטיק! ביין און סאַמעט
זייד, לעדער, בראָנזע, צעדער-האָלץ...
דאָ וואוינט אַ אידישער מלמד.

איר לאַכט, רבותי?... ניין, וואַרט אויס —
ס׳איז גאָר ניטאָ דאָ וואָס צו לאַכן;
אַט וואַרט נאָר אויס — איך וועל אייך באַלד
דעם חשבון גאַנץ פּאַדראָבנע מאַכן.

פון סאַמעט איז די יאַרמלקע —
זי גלענצט און שיינט פון ווייטנס;
די טייטל איז געמאַכט פון ביין,
דער גאַרטל איז פון זיידנס;

פון בראָנזע איז דער הענגלייכטער,
דער קאַנטשיק איז פון לעדער;
דאָס בענקעלע — דאָס בענקעלע
איז אויסגעשניצט פון צעדער...

אַ וואַזשנע בעל-הבתי׳שקייט!
עס, טרינק און שלאָף און לעב אין פרידן,
ווער בריים און לאַנג, קלויב נחת, קלויב...
אַך, לעבן זאָלן טאַקע אידן!

אַ לערער ביי אַן אַנדער פאָלק —
כאָטש זאָל ער ווערן אויסגעצויגן —
וועט דאָך אַ הונדערט-טייל פון דעם
ניט זעען אין די אויגן...

וואָס זעט מען דאָרט ביי אים אין שטוב?
אַ פּוסטקע! וואָס איז דאָרט צו זעען!

פאַרטרעטלאַך הענגען אויף די ווענט,
און לאַנגע בענק מיט טישן שטייען;

מען הערט קיין קול ניט פון אַ קינד,
מען הערט קיין קול ניט פון דער ווייטן...
און דאָ, ביי אונז? — עס זינגט, עס קלינגט,
עס קאָכט און זידט פון אַלע זייטן:

די הינער שמועסן וועגן הירזש,
דער האָן שטודירט חזנות;
דער גאָנער דרשנ׳ט אויפ׳ן קול,
דער קאַטשער העלפט אים מיט כוונות.

דער רבי׳צינס מוזיניקל
פרואווט איבערשרייען ביידן...
דאָס קעלבל טוט זיך אירם... עס שמעקט
מיט ריחות פון גן־עדן!...

און טאַקע דאָ טוט גיין אַ קול,
אַ ווידער־קול פאַרכאַפּט דעם אָטעם.
„— נו! נו! מיט חשק! לעבעדיק! —
„ואלה המשפטים!“...

די נאַכט איז שטיל. דאָס פינסטערניש
מיט יעדער רגע ווערט אַלץ גרעסער...
איר זעט דעם פּאַלאַץ, דעם דוואָרעץ?
דאָ שלאָפט אַ אידישער פּראָפעסאָר.

ער שלאָפט, — צוקאָפּנס ליגט ביי אים
אַ בינדל גוטע, ווייכע צרות...
ער זעט אין שלאָף — אים חלומ׳ט זיך —
ער שטייט און שלאָגט כפרות.

ער נעמט דעם האָן: — „אַ נו, זאָגט ער, —
אָט זאָג נאָר מיר, כל־בו׳ניק,

וואָס פאַר אַ סדרה גייִט איצט? האַ?
דו שווייַגסט, ימח-שמו׳ניק!

„דו שווייַגסט? טאָ נאַ-זשע דיר... אָט, נאַ!
טאָ ווער-זשע די כפרה!“...
דער רבי שלאָפט, און שלאָפט ניט פּראָסט —
ער ליגט זיך ווי אַ שררה.

פון בייִדע זייַטן שטייִען וואַך
גבריאל און מיכאל,
פון פאָרנט איז אוריאל דאָ,
פון הינטן שטייִט רפאל...

אַ גוטע נאַכט אייַך, רבי׳ניו! —
זאָל גאָט מיך פאַר די רייד ניט שטראָפן —
אַ וועלט מיט אידן שלאָפט נאָך... אייַך
האָט גאָט אַליין געהייסן שלאָפן...

---

## צוויי אַסיפות.

### 1.

די רבנים זיצן,
די רבנים קלערן,
וואָס זאָל מיט׳ן ליבן
פאָלק ישראל ווערן?

די אסיפה זייַערע
מאַכט אַ גרויסן רושם.
סטייַטש, די גרויסע פאַסטוכער
פון די צאן-קדושים:

פון פאָלטאַווע, קאָוונע,
גשן, יורזדע׳ווקע,

תוכחה׳ווקע, זלידניווקע,
שחינ׳עווקע, צפרדע׳ווקע!

אַלץ „מאוֹרים גדולים“,
ס׳איז אַ פּראַכט, אַ מורא;
אַך, אויף יעדער יאַרמלקע
שײַנט דער כתר־תורה!...

די רבנים זיצן,
די רבנים קלערן,
וואָס זאָל מיט׳ן ליבן
פאָלק ישׂראל ווערן?

די רבנים קלערן
און פאַר גרויס רחמנות
אויפ׳ן פאָלק־ישׂראל
מאַכן זײ תקנות:

„ — באשר, ווי מיר ווײסן,
אַז דער גאַנצער גלות
מיט די אַלע גזרות,
מיט די אַלע קללות,

„רשעות און בלבולים,
שנאה, צרות, מכות
קומט אַרויס דורך יענע
שקצים און טרפ׳ניאַקעס,

„וועלכע זײַנען פּלוצים,
אין די לעצטע יאָרן,
כ׳ווײס פון וואָס, פון וואַנעט,
גוט און פרום געוואָרן...

„לכן דאַרף מען עפּעס
טאָן דערצו וואָס גיכער.

און כדי אויף ווײַטער
רואיק זײַן און זיכער,

„זײַ מיט אַלע זײַערע
קרובים און חברים,
ווײַבער, קינדער — וואַרפן
מיר אַרײַן אין חרם!!!“

די רבנים אַרבעטן,
די רבנים אַקערן...
שופרות בלאָזן, שוואַרצע
ליכט ביים טמוד פלאַקערן...

און דאַנקאָסלאַך פליען,
שיטן זיך פון דאָרטן
לעבעדיק, ווי פײַגעלאַך
זומער-צײַט אין גאָרטן;

און פון אַלע זיבן
הימלען שרײַט מען: „בראַוואָ!
לעבן זאָל הקטן
עקיבא מפּאָלטאַווע!...“

## 2.

די „טרפ׳ניאַקעס“ זיצן,
די „טרפ׳ניאַקעס“ קלערן,
וואָס זאָל מיט׳ן ליבן
פּאָלק ישראל ווערן?

אין די ערי-מקלט —
גושן, יורהדע׳ווקע,
תוכחה׳ווקע, זלידניווקע,
שחינ׳עווקע, צפרדע׳ווקע

זײַנען שוין פאַר הונגער
אַלע מײַז אַנטלאָפן;
אוים, אַ סוף, ניטאָ שוין
דאָרט אויף וואָס צו האָפן;

ווי אַ רויך צעגאַנגען,
מיסט פון אַלץ געוואָרן;
ווײַטער וואַרטן קאָן מען ניט...
הײַסט עס, דאַרף מען „פאָרן“.

פאָרן דאַרף מען, אָבער
ווי אַזוי, אַן ערך?
אויף אַ שקל רײַטנדיק —
איז אַ לאַנגער דרך...

און וואוהין, למשל?
נאָר אין פאַלעסטינע,
אָדער ערגעץ אַנדערשוואו
זוכן אַ מדינה?

אפשר בײַ דעם לעבער־ים,
וואו, באַדעקט מיט שנײַען,
אַלכסנדר מוקדונס
הרי־חושך שטײַען?

אפשר צו די גלעזערנע
בערג זיך לאָזן וואַנדלען,
וואו עס וואַקסן צוקערקעס,
ראָזשינקעס און מאַנדלען;

וואו אין שבט אַפילו
איז דער פראָסט ניט שולט,
און דער בוים־לבנה
בליט ביז צו דעם מולד...

די „טרפ׳ניאַקעם“ זיצן,
די „טרפ׳ניאַקעם“ קלערן,
קראַצן זיך אין נאַקן,
רייַבן זיך דעם שטערן,

שוויצן נעבאַך, מיען-זיך,
גאָט איז זייַער עדות;
ווי אַ האָגל שיטן זיך
רעפעראַטן, רעדעס,

סמעטעם מיט אַטשאָטן
כל המיני סאָרטן,
און זיי מאַכן סוף כל סוף
אַ תקנה דאָרטן:

אין אַ יאָר, אין צוויי אַרום
פאַר די אַלע זאַכן
נאָך אַמאָל איה״ש
אַן אסיפה מאַכן!...

---

## משה רבינו׳ס קבר.

(לכבוד ר׳ מענדעלע מוכר ספרים).

יעדעס מאָל, ווען איך פיל, אַז עס גייען מיר אויס
אַלע כוחות פון טראַכטן און קלערן,
ווי דאָס לעבן איז ביטער, דער אומגליק איז גרויס
און קיין מיטל געהאָלפן צו ווערן, —

דאַמאָלסט פליען צו דיר אוים דער פינסטערער וועלט,
אוים דעם גלות דעם שווערן און לאַנגן,
משה, געטלאַכער מענש, אונזער קרוין, אונזער העלד,
מייַנע ביטערע, טיפע געדאַנקען.

אוי, ווי זים וואָלט געווען אונז אין טרויער און שמאַרץ
אויף דייַן קבר צו קניען, — דעם שווערן,

גרויסן יאָך פון דעם קראַנקן, צעבראָכענעם האַרץ
אויסצוגיסן אין הײליקע טרערן.

אָבער ווײ איז אונז, ווײ! אונזער נביא און העלד
הערט נים מער אונזער ווײנען און קלאָגן,
האָט קײן אײנציקע טרײסט אונז געלאָזט אויף דער וועלט,
האָט אויף אײביק זײן קבר פאַרבאָרגן!...

---

און אַ קול, אַ קול פון הימל
הער איך קלינגען זיס און רײן:
— נים קײן קבר פול מיט שימל,
נים קײן קאַלטן, טויטן שטײן,

נײן, אַ קוואַל, אַ רײנעם, זיסן,
און אַ שטאַרקן ווי אַ טײַך
האָט ער אײביק, אײביק פליסן
אויף דער וועלט געלאָזט פאַר אײַך.

אויף די ברעגן וואַקסן, בליען
בײמער, בלומען פריש און רײן;
פאַר זײַן הײליק וואַסער קניען
קנעכט און קעניג, גרויס און קלײן.

אינ׳ם קלײנעם, ענגן שטיבל,
אינ׳ם גרויסן, רײַכן זאַל
קוויקט און פרישט זײַן וואַסער: ב י ב ל
הײסט דער ליבער, זיסער קוואַל.

טרויער, אוממאַכט, אימת־מות —
אַלץ פאַרטרײַבט ער ווי אַ ווינט.
גײ צו אים אויף קבר־אבות,
זוך אין אים דײַן טרײסט, מײַן קינד!"

---

# ד ע ר   ע ג ל .

מיר האָט זיך גע׳חלומ׳ט: איך בין אין אַ מדבר
געשטאַנען. אַ שטילע און ליכטיקע נאַכט
האָט רואיק געשוועבט אויף די זאַמדן און סקעליעס,
געצירט זיי אין הימלישן פּראַכט.

און איך האָב דערהערט פון דער ווײַטנס אַ שטימע,
אַ הייליקן, געטלאַכן קול:
„דו זעסט די פאַרברענטע, צעוואָרפענע שטיינער,
אָט דאָ איז דער עגל געשטאַנען אַמאָל,

„דער עגל, וואָס אידעלאַך האָבן פאַרצײַטן
געמאַכט, און וואָס משה האָט דעמאָלט פאַרברענט.
פאַרברענט און צעשאָטן דעם אַש אינ׳ם מדבר
אַליין מיט די אייגענע הענט.

„עס איז פון דעם עגל קיין זכר געבליבן,
נאָר אים איז געווען באַשערט
אויפצושטיין ווידער און ווידער באַהערשן
מיט קראַפט אײַער זינדיקע ערד...

„ער לעבט נאָך, ער לעבט נאָך, דער גאָלדענער אָפּגאָט,
ער שטייט נאָך און פונקלט און בליצט;
נאָר ניט אינ׳ם מדבר אַזוי ווי פאַרצײַטן —
ער איז צו אײַך נאָענטער איצט:

„ער שטייט צווישן אײַך אינ׳ם ביטערן גלות;
ער איז אײַער ליכט אין די פינסטערע טעג;
ער איז אומעטום, וואו איר קערט זיך און ווענדט זיך,
אָט וואו נאָר אַ סטעזשקע און וואו נאָר אַ וועג.

„אַ טריט ניט צו טאָן אָן דעם גאָלדענעם יחסן;
ער איז אײַער האַר, אײַער פּאָלקס-בעל-הבית...

מע גלעט אים דעם רוקן, מע קוקט אין די אויגן,
מע שטופּט אים דעם הדם גלייך אונטער דער נאָז;

„מע גיט אים אָפּ כבוד פון אַלע פיר זייטן,
מע בענשט זיך מיט אים, מע באַרימט זיך מיט אים.
רבנים, דינים בשיינען זיין נאָמען
און בוקן זיך, קניען פאַר אים...

„רבנים, דינים, וואָס ווייסן, פאַרשטייען,
ווי טיף איז די חרפּה, ווי גרוים איז די זינד
צו האַלטן ביים עגל אין קנעכטשאַפט דעם עולם,
דאָס קראַנקע און עלנדע קינד"...

.. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. ..

---

# די ריפּ.

(אַ גמרא)

---

אַז דער ליבער בורא-עולם
האָט באַשטימט באַשאַפן חוה'ן
(כאָטש, אין תוך גערעדט, געוועזן
איז דער גאַנצער פּלאַן טשיקאַווע),

האָט ער שטאָף — זאָגט די גמרא —
ניט פון אדמ'ס הענט גענומען,
ניט פון זיינע פיס און אויגן,
ניט פון קאָפּ, פון צונג, פון גומען.

ווייל עס ליגט אין קאָפּ די גדלות
און די תאוה אין די אויגן, —
צוויי חסרונות, וועלכע דאַרפן
פאַר אַ פרוי דורכויס ניט טויגן.

ניט פון אדמ׳ס הענט באַשאַפן
האָט זי גאָט, זי זאָל ניט וועלן
מיט דעם מאַן מלחמה האַלטן,
איבער אים זיך העכער שטעלן.

ניט פון צונג און ניט פון גומען,
ווייל דאָס זיינען יענע כלים,
וואָס מיט זיי, ווי מיט אַן עמער
שעפּן מענשן דברים־בטלים;

פון די פיס — זי זאָל ניט גלוסטן
פון דעם מאַן אַ פּלטה מאַכן.
אָט כדי זי זאָל באַפרייט זיין
פון די אַלע שלעכטע זאַכן, —

פון דער ריפּ האָט זי געבוירן
דער באַשעפער; פון אַ שטומען,
בלינדן, אומשולדיקן ביינדל
האָט דער בורא זי גענומען...

אָט דערפאַר — זאָגט די לעגענדע
פון די אַלטע, קלוגע יאָרן —
האָבן ווייבער אַלע מעלות
און קיין איינציקן חסרון...



# דער הויפּן ערד.

(אַ לעגענדע פון תלמוד וועגן אַלכסנדר מוקדון).

## פּראָלאָג.

אַלטע בלעטער פונ׳ם תלמוד,
אַלטע זאַגן און לעגענדן!
אין מיין טרויעריקן לעבן
אָפט טו איך צו אייך זיך ווענדן.

בײַ דער נאַכט, װען אין דער פֿינסטער
לױפֿט דער שלאָף פֿון מײַנע אױגן,
און איך זיץ אַלײן און עלנד
צו דער ברוסט דעם קאָפּ געבױגן,

אין די טרױעריקע שטונדן —
װי אַ שטערן אין דער בלױער
זומער־נאַכט, הײבט אָן צו שײַנען
דער זיכרון אין מײַן טרױער.

איך דערמאָן זיך אױף די ליבע,
אױף די זיסע קינדהײַטס־יאָרן,
װען איך בין נאָך פֿרײַ געװעזן
פֿון מײַן קומער, לײד און צאָרן.

איך דערמאָן זיך אױף די צײַטן,
װען איך פֿלעג דעם ערשטן, זיסן
בעסטן כוס פֿון לעבן, פֿרײַהײַט,
פֿרײד און לוסטיקײַט געניסן.

איך דערמאָן זיך אױף די אַלטע,
אױף די זיסע, ליבע יאָרן;
און די בלעטער פֿונ׳ם תּלמוד
שטײען אױף אין מײַן זיכרון.

אָך, די אַלטע, אַלטע, בילדער!
װיפֿיל ליכט און װיפֿיל שטערן
ברענען, שײַנען! און זײ קאָנען
אײביק ניט פֿאַרלאָשן װערן?

טױזנט שטראָמען, טױזנט טײַכן
האָבן זײ געטאָן פֿאַרפֿליסן;
זאַמד האָט זיך אױף זײ געשאָטן,
שטורעמס האָבן זײ געריסן,

און די אַלטע, אַלטע בלעטער
לעבן נאָך... זײַ זענען טאַקע
געל, פאַר׳חושכ׳ט, אָפּגעריבן,
דאָרט אַ לאָך און דאָ אַ מכה,

דאָ אַ שטיקל אָפּגעסמאַליעט,
דאָרט אַ שורה טויג אויף צרות,
און אינגאַנצן האָט אַ פּנים
פון אַן אַלטן בית-הקברות...

מילא — וואָס? נו, איז דאָס טאַקע
אַ בית-עולם, וואו באַגראָבן
ליגט אין קבר אַלץ, וואָס אײביק
וועלן מיר שוין מער ניט האָבן.

און איך אַלטער, קראַנקער יתום,
פול מיט לײַד, מיט אימת-מות,
שטײ, מײַן גרויען קאָפּ געבויגן,
שטײ און ווײן אויף „קבר-אָבות"...

---

פון לאַנד צו לאַנד, באַוואָפנט, בײז און שטאַרק,
טוט גײן דער גרויסער העלד און קעניג.
עס איז ניטאָ קײן רו פאַר אים; זײַן קראַפט,
זײַן רײַכטום, הערשאַפט — אַלץ נאָך ווײניק.

אַלץ ווײַטער ציט און רײַסט זיך אים דאָס האַרץ
פאָרויס, דורך ווילדע, גרויסע וועלדער,
דורך הײלן, פעלזן, איבער אײַז און שנײ,
דורך בערג און טאָלן, שטעט און פעלדער.

פיל פעלקער זענען אונטערטעניק אים;
פיל לענדער האָט ער אײַנגענומען.
און גײענדיק אַלץ ווײַטער אין דער וועלט,
איז אין אַ מדבר ער געקומען.

לאַנג זענען דורך דעם הייסן, וויסטן פעלד
געגאַנגען זיינע מחנות־ריזן,
ביז פון דערווייטן האָט זיך זיי צום סוף
אַ גרינעם וועלדעלע באַוויזן.

דאָס חיל האָט זיך אָפּרוען געלייגט.
דער קעניג, אום זיין דורשט צו שטילן,
איז צוגעגאַנגען צו דעם שטראָם, וואָס איז
געפלאָסן אין דעם וואַלד, אין קילן.

און באַלד נאָר, אַז דער קעניג האָט פון שטראָם
דעם ערשטן קאַלטן טרונק גענאָסן,
האָט עפּעס זיך ביי אים אין יעדן גליד
אַ זיסע וואַרימקייט צעגאָסן.

אַ טיפער חיות איז זיך אין זיין ברוסט
צעגאַנגען. נייע, יונגע קרעפטן
און נייער פרישער מוט האָט אים געטאָן
זיין האַרץ באַשפּינען און באַהעפטן.

„וואָס קען דאָס זיין? — האָט ער געטראַכט. — דער שטראָם
מוז פון אַ גליקלאַך אָרט טאָן פליסן...
שטייט אויף, איר ליבע העלדן מיינע! קומט!
איך וויל און מוז דאָס גלייך דערוויסן.

„אהין, אַהין! זאָל זיין דאָרט ווער עס איז —
ער מוז מיר אונטערטעניק ווערן,
פון מיר אַליין דערוואַרטן גליק און פרייד
און מיך אַלס העלד און קעניג ערן.

„און אויב עס וועט דאָרט זיין ווער געגן מיר,
אַ, טויט וועט פון מיין שווערד ער פאַלן...
שטייט אויף, איר ליבע העלדן מיינע, קומט!“

---

עס קלאַפּט דער פויק, די שופרות שאַלן,

די פאָנען טוען פלאַטערן; עס גייט
א קלינגערייַ, אַ טומל — הונדערטע
חילות גייען נאָך דעם גרויסן העלד...
דער מדבר ליגט אַרום פאַרוואונדערט:

וואָס טוט זיך דאָס? ווער האָט זייַן רו, זייַן שלאָף,
זייַן טיפן שלאָף געשטערט?... די רייַטער,
די פאָנען ציען זיך פאָרויס, פאָרויס;
דער קעניג גייט אַלץ ווייַטער, ווייַטער...

פיל טעג איז ער געגאַנגען אַלץ פאָרויס,
פיל אויסגעשטאַנען שמערצן, לייַדן,
און איז לסוף געקומען מיט'ן שטראָם —
וואוהין? — צום טויער פון גן־עדן!

---

באַפלאָכטן מיט גרינע, מיט בליענדע בלעטער,
מיט פרישע, מיט שמעקנדע בלומען באַקרענצט,
טוט לייַכטן און שייַנען דער הייליקער טויער;
מיט טויזנטער שטראַלן גליט ער און גלענצט.

עס שלאָגן די קוואַלן, עס רוישן די שטראָמען,
עס גייט, ווי פון זילבערנע גלעקער, אַ קלאַנג;
עס הערן זיך שטימען פון טויזנטער פויגל,
עס גיסט זיך אַ ליבעס, זיסעס געזאַנג.

נאָר דאָרט ביי דעם טויער, זעט שטייַן דער קעניג
אַ מלאך מיט פלאַמענדן שווערד אין די הענט:
ער שטייט צו באַשיצן דעם הייליקן טויער —
די הויכע, די שטאַרקע, הייליקע ווענט.

ווער ביסטו? — טוט פרעגן דער מלאך בייַם קעניג. —
דו ביסט א ל כ ס נ ד ר? שטיי־זשע! פאַר ד י ר
וועט בלייַבן אויף אייביק פאַרמאַכט צום גן־עדן
די ליכטיקע, ריינע, הייליקע טיר.

נאָר די, וועלכע לעבן אין פריינדשאַפט, אין פרידן,
וואָס טוען און ברענגען גוטס אויף דער וועלט, —
נאָר זיי קענען קומען אין הייליקן גאָרטן,
אין ליכטיקן, אייביקן בוראָ׳ס געצעלט.

און דו, וואָס פאַרגאָסן האָט טייכן פון טרערן
דיין אייזערנע, בייזע, בלוטיקע האַנט, —
דיך האָט דער באַשעפער באַגליקט אין דיין לעבן
מיט הערשאַפט, מיט רייכטום, מוט און פאַרשטאַנד;

ביסט אָבער פאַרגאַנגען אויף זינדיקע וועגן,
פאַרדרייט זיך אין שרעקלאַכן שטורעם און ווינט.
דו פלעגסט ניט באַשוינען קיין יוגנט, קיין עלטער...
צו גרוים זענען דיינע שרעקלאַכע זינד!

אומזיסט איז געוועזן דיין מי, אַלכסנדר!
דו קאָנסט אין גן-עדן ניט קומען! פאַר דיר
וועט בלייבן אויף אייביק פאַרמאַכט פון גן-עדן
די ליכטיקע, ריינע, הייליקע טיר...“

„ — אַך, דו גרויסער מלאך! האָט מיט טרערן
שטיל געזאָגט דער קעניג. — שרעקלאַך איז דיין שטראָף:
שטיין אָט נאָענט לעבן טויער פון גן-עדן,
פילן שוין דעם זיסן ריח... און לסוף...

גיב-זשע, גיב כאָטש עפּעס מיר אַן אות-זיכרון,
אַז איך בין געוועזן דאָ, ביי דיזער טיר;
מענטשן זאָלן זעען, מענטשן זאָלן גלויבן,
אַז דאָס האָט געטראָפן אויפ׳ן וואָר מיט מיר.“

„ — נאַ, — האָט דאָ דער מלאך אים געזאָגט, — אָט האָסטו...
גיי צוריק, און שטאַרקן זאָל דיר גאָט דיין האַרץ,
זאָלסט פאַרברענגען דיינע איבעריקע יאָרן,
ביט צו וויסן אייביק פון קיין נויט און שמאַרץ...“

---

דער קעניג איז געקומען אין אַ שטאָט
און האָט געשיקט צונויפרופן די זקנים,
די פײַנסטע און די קליגסטע פון דעם פֿאָלק.
„איר זעט — האָט ער געזאָגט — דעם שײַנעם,

דעם ליבן אות-זיכרון, וואָס פון דאָרט
איך האָב געבראַכט? ווי זאָל איך זיך ניט שעמען!
אַ שטיקל בײַן! אַ שטיקל פוילן בײַן!
איך, אַ ל כ ס נ ד ר מוקדון; איך — פֿאַר וועמען

עס האָט די גאַנצע וועלט געקניט,
געציטערט נאָר פֿאַר מיר אַלײַן, פֿאַר אײנעם...“
„— אָ, שטראָף מיך ניט, מײַן קעניג, פֿאַר די רייד. —
האָט אים געענטפֿערט אײנער פון די זקנים: —

פֿאַרהאָס ניט די מתנה, וואָס דער גײַסט
האָט דיר געגעבן; אין דעם טויטן
און פוילן בײנדל ליגט אַ טיפער זין,
וואָס קאָן דיר אפשר נוצן אין פיל נויטן.

עס טרעפט ניט זעלטן, אַז די קלענסטע זאַך
ווערט זײער וויכטיק אין דעם מענשנס לעבן.
דערלויב, איך וועל דיר דאָס באַווײַזן באַלד.
באַפעל דו נאָר, מען זאָל אַ וואָג מיר געבן.“

מען האָט געבראַכט. דער זקן האָט געלייגט
דאָס בײנדל אויף אײן וואָג-שאָל, אויף דער צווייטער —
צוויי הויפנס גאָלד. די וואָג-שאָל מיט’ן בײן
האָט גלײַך געטאָן זיי איבערוועגן בײדע.

„וואָס איז דאָס? — פרעגט דער קעניג. — שיט אַרויף
נאָך זילבער, גאָלד!...“ מען האָט פון אַלע זײַטן
געשאָטן, — עס האָט אָבער ניט געווירקט...
„— וואָס קען דאָס זײַן? וואָס זאָל די זאַך באַדײַטן?...“

דער קעניג האָט זײַן שווערן, גרויסן שווערד,
זײַן קרוין, זײַן פּאַנצער — אַלץ אַראָפּגעריסן
און אויף דער צווייטער שאָל געוואָרפן. — נײַן!
דער ביין האָט ניט געוואָלט פון גאָר ניט וויסן,

ער האָט זיך ניט גערירט ניט אויף אַ האָר
און אויף זײַן וואָג-שאָל רויִק זיך געלעגן.
דער קעניג האָט געציטערט ווי אַ בלאַט:
„— אָ, זאָג-זשע מיר! איך גיב מײַן גאַנץ פאַרמעגן,

אַלץ, וואָס איך האָב, צו וויסן, וואָס באַדײַט
דאָס שטיקל ביין!... עס ברענט מיר אין מײַן מוח!
מיט וואָס קען אָפּגענומען זײַן פון דעם
דער וואונדערבאַרער, צויבערלאַכער כוח?

מיט וואָס-זשע?...“
„— מיט אַ קלייניקייט. — האָט אים
געזאָגט דער זקן, האָט זיך אָנגעבויגן
און אויף דעם שטיקל ביין אַ הויפן ערד
אַרויפגעשאָטן פאַר דעם קעניגס אויגן.

און וואונדערלאַך! — די וואָג-שאָל מיט'ן גאָלד
האָט טאַקע באַלד אַ פאַל געטאָן פון אויבן
און געגנפאַלס די צווייטע מיט'ן ביין
האָט ווי אַ פעדער שנעל זיך אויפגעהויבן!...

און דער גרויער זקן האָט געזאָגט צום קעניג:
אָט דאָס דאַרע ביינדל, וואָס דו האָסט געבראַכט,
איז ניט מער — אַ שטיקל פון אַ מענשנס שאַרבן;
זעסט אין דעם אַ לעבל? קוק זיך אײַן, באַטראַכט...

יאָ, מײַן הער! אַ שטיקל פון אַ מענשנס שאַרבן;
אין דעם קליינעם לעכל יאָרן פיל צוריק
איז אַן אויג געזעסן... אוי, ווי נאַריש, נאַריש
איז דער מענש צוזאַמען מיט זײַן גאַנצן גליק!

קליין און שלאָף איז אונזער אויג; און וויפיל אָבער
איך דעם מענשנס לעבן גלוסט עס און באַגערט,
רייסט זיך, ברענט מיט תאוה? ווייניק! איייביק ווייניק!
עס פאַרכאַפּט אַלץ ווייטער... גיב די גאַנצע ערד.

הימל, זון און שטערן גיב אַוועק — אַלץ ווייניק!
יאָג זיך, מענשל, אַרבעט, קלעטער, שפּרינג און לויף.
ווייטער, מענשל, ווייטער!... נו, און פאָרט ביז וואַנען?
ביז מען שיט דעם ערשטן הויפן ערד אַרויף...

אָט, גענוג, ניט ווייטער; ניט איין טריט, איין רגע!...
נאָט אייך גאָר דעם גאַנצן חשבון אָפּגעמעקט...
אַך, אַ ביסל קאַלטע קבר־ערד — און זעט נאָר,
זעט, אַקאָרשט, איך בעט אייך, האַ? ווי שווער דאָס וועגט!...

---

# דעם שמש׳ס טאָכטער.

(אַ פאָלקס־לעגענדע).

1.

שטיל און פינסטער איז געוועזן
אין דעם אַלטן ענגן שטיבל,
וואו געלעגן און געשלאָפן
איז דער אַלטער גרויער שמש.

שטיל און רואיק שלאָפט דער שמש,
און אין שלאָף דערהערט ער עפּעס
שווערע טריט, ווי פון אַ קרומען,
וועלכער גייט אַרום אויף קוליעס.

און דערשראָקן און פאַרוואונדערט,
כאַפּט זיך אויף פון שלאָף דער שמש;
ער צינדט אָן דאָס אַלטע לעמפּל —
און וואָס זעט ער? — גאָט, דו ליבער!

ער דערזעט: פון וואַנט צו וואַנט
גייט אַרום אַליין זיין שטעקן...
אוי, דאָס איז אַ שלעכטער סימן,
אַז אַ גוסס איז אין שטעטל...

אין דעם אויגנבליק דערהערט ער —
שרייט זיין טאָכטער: „גיכער, טאַטע,
וועק דעם עולם! אונזער רבי,
אונזער רבי איז פאַרביי!...“

2.

נאָך ביינאַכט פון שטוב צו שטוב
גייט און קלאַפּט דער אַלטער שמש...
אָבער וואָס איז דאָס מיט דבורה'ן,
מיט דעם אַלטן שמש'ס טאָכטער?

דבורה זיצט ביים טיש, און הייסע
טרערן קאַפּען פון די אויגן;
ביטער וויינט זי, וויינט און שעפּטשעט:
„אַך, דער רבי איז פאַרביי!...

הייל אים, העלף אים, גאָט דו ליבער!...“
הייס און ערנסט ווי אַ טאָכטער
האָט פון קינדהייט ליב דעם אַלטן,
קראַנקן רב די יונגע דבורה.

ווייל דער אַלטער מורה-צדק
האָט דאָס קינד אויך ליב געהאַט
ווי אַן אייגענע: פלעגט רופן
אַלע שבת זי אינאיינעם

מיט'ן שמש ברכה מאַכן.
האָט זי אויסגעלערנט דאַוונען,
אויך געלערנט שרייבן, לעזן;
ליבלאַך זאָגנדיק דערביי:

„לערן, דבור׳קע, לערן, טאָכטער,
אוּן דו וועסט איה״ש
ווערן גרויס אוּן קלוג ביי אידן,
גלייך מיט דבורה דער נביאה...“

אוּן זי זיצט ביים טיש, אוּן הייסע
טרערן טריפן פון די אויגן;
ביטער וויינט זי, וויינט אוּן שעפּטשעט:
„הייל אים, העלף אים, ליבער גאָט!...“

3.

אין בית־מדרש שטייט דער עולם.
גרויס אוּן קליין געקומען אַלע
תהילים זאָגן; וויינען, בעטן
צו דעם בורא... נאָר עס העלפט נישט.

שוין פון וואָקס אַ ליכט אַ גרויסע,
אַקוראַט די מאָס פון קראַנקן,
אויסגעגאָסן, אין תכריכים
אָנגעטאָן אוּן, ווי דער מנהג

איז ביי אידן פון פאַרצייטן,
זי באַגראָבן אין אַ קבר
ווי אַ בר־מינן... עס העלפט ניט;
אַלץ געפּרואווט אוּן אַלץ אומזיסט...

אמת, איינס נאָר איז געבליבן,
איינס נאָר: יעדער פון דעם עולם
זאָל אָוועקשענקן אַחלק
פון זיין לעבן פאַר דעם חולה. —

מענער, ווייבער, קינדער, זקנים,
ווער אַ טאָג אוּן ווער אַ חודש —
דאָס פאַרשרייבט מען אויף אַ צעטל
אוּן פאַרשליסט אין אָרון־קודש...

## 4.

אַז צום אַלטן שמש׳ס שטיבל
איז מען מיט דעם כתב געקומען,
האָט זיין טאָכטער די גבאים
אָפּגעשטעלט, און שטיל און רואיק

זיי געזאָגט: „פאַרשרייבט, איך בעט אייך“.
— וויפיל, דבורה, שענקסטו? — „וויפיל?
אַך, מיין גאַנצעס, גאַנצעס לעבן!...
יאָ, פאַרשרייבט: איך שענק אַוועק

אים מיין גאַנצעס לעבן!“ — „דבורה, —
האָבן זיי זי אָנגעהויבן
אָפּצורעדן, — נאַריש קינד,
„ווי געשיקט זיך?...“ — אָבער אַלע

טענות האָבן ניט געהאָלפן,
ניט געהאָלפן האָבן דאָ
אויך דעם אַלטן טאַטנס בעטן,
זיינע רייד און זיינע טרערן.

און פאַרשריבן האָבן זיי
מיט איר חתימה אין דעם צעטל,
ווי זי האָט פון זיי געפאָדערט:
„ד ב ו ר ה  ש ע נ ק ט  א י ר  ג א נ צ ע ס  ל ע ב ן“.

און בשעת דער שליח
האָט דעם כתב אין שול געבראַכט
און פאַרשלאָסן אים אין אָרון,
אין דעם זעלבן אויגנבליק —

איז דער חולה אויפגעשטאַנען
ווידער פריש, געזונט און יונג;
און די אומגליקלאַכע דבורה,
דאָס אומשולדיק־רייִנע קינד,

איז דעם זעלבן טאָג געקומען
אין איר רו... דער אַלטער טאַטע
האָט זי ערנסט, היימ באַוויינט
און געזאָגט דעם ערשטן קדיש.

אויף איר הערלאַכער לויה
איז געווען דער גאַנצער עולם
און געווינשט פון פולן האַרצן
איר אַ ליכטיקן גן-עדן...

.5

שטיל און רואיק גייט די צייט
אין דעם קליינעם, שטילן שטעטל.
מענשן לעבן, האָבן קינדער,
קינדער — ווערן יונגעלייט,

וואַקסן, ווערן אַלט און שטאַרבן.
אויף דעם אַלטן בית-הקברות
זענען דאָ פיל נייע קברים...
וואָס זשע מאַכט דער אַלטער רב?

דאַנקען גאָט, ער לעבט אין פרידן,
לערנט תורה, פסקנ׳ט שאלות,
און געדענקט דאָס ליבע קינד.
ער געדענקט די טויטע דבורה,

ער פאַרגעסט ניט יעדן יאָר-צייט
קויפן ליכט און זאָגן קדיש.
און אַזוי גייט שטיל און רואיק
טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר.

.6

טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר
גייען פאַר, ער ווערט ניט עלטער;
אָבער טרויעריק ניט זעלטן
זעט ער אויס; דערציילט ניט קיינעם,

וואָס ער פילט און וואָס ער טראַכט.
און עס ווייסט פון דעם נישט קיינער,
אַז ביינאַכט, בשעת ער
זיצט און לערנט, ווי געוויינלאַך,

הערט זיך אים אַ פרויען־שטימע.
זיסע לידער, ליבע לידער
קלינגען, פליסן פון דערווייטן,
און פאַר זיינע אַלטע אויגן

שטייט אַ בילד... אַך, ער דערקענט,
ער דערקענט דאָס זיסע פנים
פון זיין תלמיד׳קע — פון דבורה׳ן,
און ער בעט זי: — „זיי מיר מוחל!

זיי מיר מוחל, ליבע טאָכטער,
וואָס דורך מיר ביסטו געגאַנגען
פון דער וועלט... ווען דו וואָלסט לעבן,
וואָלסטו איצט געווען אַ כלה...“

7.

טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר
גייען פאַר; און איינמאָל הערט ער
אַ געשריי פון אַ יולדת...
און ער וויינט, באַגיסט מיט טרערן

די גמרא... „ — זיי מיר מוחל! —
בעט דער זקן — ליבע דבורה!
אַז דו וואָלסט געבליבן לעבן,
וואָלסטו איצט געווען אַ מוטער...“

און אַזוי אויך יעדע נאַכט
הערט זיך אים איר יונגע שטימע —
זיסע, ליבע וויג־לידער
זינגט ביינאַכט די טויטע מוטער...

## 8.

דרײַצן יאָר גײַט פּאָר... ער הערט
ווי איר זון, שוין אַ בר־מצוה,
זאָגט אַ גרויסע, שיינע דרשה...
„ — ער וואָלט זײַן אַ גרויסער למדן.

— טראַכט דער רב. — און וויפיל פריַיד
וואָלט געהאַט פון אים די מאַמע!“
ווײַטער הערט ער — קלעזמער שפּילען:
פידלען, טאַצן און קלאַרנעטן

קלינגען, זינגען פון דערווײַטן...
„ זי מאַכט חתונה אַ טאָכטער. —
טראַכט דער אַלטער, — צו דער חופּה
פירט זי איצט די טויטע מאַמע...“

## 9.

און פון דעמאָלט אָן טאָג־טעגלאַך
הערט און פילט און זעט דער זקן
יעדן צושטאַנד פון איר לעבן.
און ער וויינט מיט הייסע טרערן

און ער בעט דעם בורא־עולם:
„ — גיב מיר, גאָט, איך זאָל דערהערן
איר געוויין, איר ביטער זיפצן,
אירע טרערן זאָל איך זען —

כאָטש די איינציקע נחמה
זאָל איך האָבן, אַז אין לעבן
וואָלט זי אויך געליטן צרות,
וואָלט זי אומגליק אויך געפילט.

און עס וואָלט ביַי איר געווען
כאָטש איין־איינציקע מינוט,
ווען זי וואָלט די וועלט פאַרשאָלטן
און געוואונשן זיך דעם טויט!...“

## .10

נאָר אומזיסט איז זײַן בקשה:
זיסע לידער, ליבע לידער
הערט ער זינגען אין דער פינסטער:
גליקלאַך וואָלט געווען איר לעבן, —

יענעם שטילע פרויען-לעבן,
וועלכעס גלענצט ניט ווי די זון,
נאָר עס שײַנט אָן ווינט און וואָלקן,
ווי דער העלער מאָרגן-שטערן...

און עס גיסן זיך און גיסן
זײַנע טרערן טעג און יאָרן.
„ — ליבער גאָט! — איז ער מתפּלל. —
טו מיט מיר דײַן גרויס גענאָד!

אַך, באַפרײַ, באַפרײַ מײַן אַלטע,
מײַן פאַריאָמערטע נשמה!
שטאַרבן, שטאַרבן העלף מיר גיכער,
ליבער פאָטער, גרויסער גאָט!...“

## .11

טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר
גײען פאָר. דאָס קלײנע שטעטל
איז שוין לאַנג אַ שטאָט געוואָרן,
אַ באַקאַנטע, רײַכע שטאָט.

הונדערט מענשן, צענדליק זקנים,
וועלכע ער געדענקט אַלס קינדער,
ליגען שוין אויף דעם בית-עלמין;
ער נאָר אײנער לעבט און לעבט.

נײַע צײַטן, נײַע מענשן,
נײַעס לעבן און מנהגים;
פרעמד און איבעריק, ווילד און עלנד
איז דער זקן צווישן זײ.

דונקל זענען זײַנע אויגן,
אויסגעדאַרט דער גאַנצער קערפּער;
און ער קלאָגט צום בורא־עולם,
וויינט און בעט אויף זיך דעם טויט...

.12

איין געדאַנק און איין געפיל
איז דעם זקן נאָר געבליבן:
שטאַרבן! שטאַרבן!... און צולעצט
האָט זיך גאָט אויף אים דערבאַרימט.

פינסטער איז געווען די נאַכט,
שרעקלאַך האָט געראַשט דער שטורעם;
ווי אַ קינד געקלאָגט, געיאָמערט
האָט די קאַלטע, שוואַרצע נאַכט.

אָפּעוויינט שוין לאַנג פון אַלע
לעבנס־פריידן, לעבנס־שמערצן,
זיצט דער זקן אין בית־מדרש...
מיט אַמאָל דערהערט זיך אים —

אַ געוויין, אַ קלאָג פון קינדער...
פּושקעס קלאַפּן אין די גאַסן
און מען זינגט „אל מלא רחמים..."
„דאָס וואָלט זי געשטאָרבן איצט!" —

האָט מיט פרייד געזאָגט דער זקן. —
„ — אוים, אַ סוף צו מײַנע שמערצן!...
נעם מיך מיט, מײַן ליבע דבורה,
אויף דער ריינער וואַרער וועלט!..."

* * *

שטיל און רואיק האָט באַפרײַט זיך
פון דעם קערפּער זײַן נשמה...
און אויף מאָרגן האָט דער עולם
הויס און ערנסט אים באַוויינט.

# אַ וויכוח.

(פאַנטאַזיע)

1.

אין די פינסטערע און לאַנגע
ווינטער-אָוונטן, אין יענע
טויטע שטונדן, ווען דאָס גאַנצע
שטעטל ליגט אין שניי פאַרגראָבן,
און דער ווינט צעשפּרייט די ברייטע,
קאַלטע פליגל אויף די דעכער,
קלאָגט און יאָמערט ווי אַ יתום, —
אין די נעכט שטייט אויף אַן אַלטעס
ליבעס בילד פאַר מײַנע אויגן:

„ — זיידעניו! דערציייל אונז עפּעס".
„ — וואָס זשע זאָל איך אײַך דערציילן,
קינדערלאַך?"...

און שטיל און רואיק
איז אין צימערל. דער זיידע
לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ דעם גרויען,
טוט אַ זיפץ, אַ טיפן זיפץ,
און אויף זײַנע בלייכע ליפּן
שוועבט אַרום אַ מילדער, ליבער,
זיסער שמייכל... ביי דעם אַלטן
זענען זיי צונויפגעגאָסן,
אַט דער העלער, זיסער שמייכל
מיט׳ן ביטערן און שווערן
זיפץ אינאײנעם: ווי די שײַן
פון די שטערן מיט די שאָטנס
אין אַ שטילער זומער-נאַכט...
„ — וואָס זשע זאָל איך אײַך דערציילן?" —

און דעם זיידנס שוואַכע שטימע

ווערט מיט יעדן וואָרט אַלץ שטאַרקער,
ריינער, אינגער...
— אויב איר ווילט,
ליבע קינדער מיינע, וויסן,
וואָס עס הייסט די גרעסטע שנאה,
שנאת-מות, טאָ ערלויבט מיר
אייך צוויי שכנים פאָרצושטעלן:
פראַ-דיעגאָ, אַ קאַטויליק,
און רב יוסף פון נאַוואַראַ
האָבן צוואַנציק יאָר אין שכנות
אָפּגעלעבט. אין פּרקי-אָבות
שטייט געשריבן, אַז דאָס בעסטע
פאַר דעם מענשן אין זיין לעבן
איז אַ שכן טוב. רב יוסף
איז געווען אַ גוטער שכן,
פראַ-דיעגאָ — אויך נישקשה.
ביידע האָבן זיך גאַנץ רואיק
צוואַנציק יאָר גע׳פּסק׳נט שאלות.
יעדערער פון זיי גאָר פאַר זיך,
פון אַן אַנדער יורה-דעה.
ניט געמישט זיך מיט די ספרים,
ניט געטאָן זיך איבערוואַרפן
מיט המצאה׳לאַך, מיט פּשט׳לאַך,
מיט פּירושימ׳לאַך, מיט ווערטלאַך,
ווי דער מנהג איז ביי אידן.
יעדערער פון זיי האָט פאַר זיך
צוואַנציק יאָר גע׳פּסקנ׳ט שאלות,
פאַר זיך בישלאָכוויַיז געקליבן
מעשים טובים, עולם-הבא
און געלעבט זיך שטיל און רואיק,
ווי די בעסטע, ליבסטע פריינד.

יאָ, אַזוי האָט אויסגעוויזן
פּאַר אַ פרעמדן על־כּל־פּנים,
ווען ער וואָלט אַמאָל געזען,
ווי עס פּלעגן זיך באַגעגענען
אָפט פאַרנאַכט די ביידע זקנים:
„ — אַ גוטנאָוונט, פראַ־דיעגאָ!“
„ — אַ גוטנאָוונט, רבי יוסף!“...
„ — נו ווי פילט איר זיך!“ — „אַ דאַנק אייך,
עפּעס קאַלט איז היינט געוואָרן“...
„יאָ, אַ פרעסטל“... און אַזוי
גייט ביי זיי דער שמועס רואיק
וועגן דעם און וועגן יענעם.

ביידע זענען זיי געוועזן
גוטע, עכטע בעלי־בתּים:
יעדערער געהאַט אַ גאָרטן
איילבערט־ביימער, אויך אַ שטיקל
פעלד צום אַקער. און ניט זעלטן
פּלעגן זיי זיך האַלטן עצות
וועגןווירטשאַפט־זאַכן. רואיק,
שטיל און פריינטלאַך זיצן ביידע
אויף אַ בענקל לעבן טויער...

פיין? אַ יאָ?... איך מוז אייך אָבער
אַלץ אַנטפּלעקן ביז'ן סוף.
פראַ־דיעגאָ און רב יוסף...
איר פאַרשטייט דאָך, ליבע קינדער,
פילט דאָך גוט, וואָס פאַר אַ טיפער,
גרויסער חילוק איז געוועזן
צווישן זיי אין תּוך, אין מקור...
נו, איז וואָלט איר נאָר געזען,
ווי אַזוי אָט די צוויי גראָע,

פײַנע, גוטע, פרומע שכנים
פלעגן זיך אַמאָל צעקאָכן
און צעזידן — גאָט דו מײַנער!
עס איז גאָר ניט צו באַשרײַבן:
פונקען פליען פון די אויגן,
ווי בײַ ווילדע, בייזע חיות;
יעדער אבר ציטערט ממש
ווי אין פיבער... קולות גייען
טאַקע ווי מען וואָלט זיי שנײַדן,
שטעכן, בויערן מיט עגבערס...

פראַ־דיעגאָ און רב יוסף,
דאַרפט איר וויסן, זענען ביידע
ניט נאָר פרומע מענשן, אָבער
אויך פּאָליטיקער געוועזן
און דערצו אויך פילאָזאָפן,
שאַרפע מוחות, גאָר פאַרשפּיצטע;
האָבן ליב געהאַט צו שמועסן
וועגן יענע גרויסע שאלות,
איבער וועלכע גאַנצע פעלקער
האָבן טײַכן בלוט פאַרגאָסן.
יענע שאלות, יענע חידות,
וועלכע וועלן פאַר דעם מענשן
אייביק בלײַבן אומפאַרשטענדלאַך...
אַך, געגוג אײַך, אַלטע, גוטע,
ליבע לײַט! איר ווייסט, פאַרשטייט דאָך —
ניט פון הײַנט און ניט פון נעכטן,
אַז אומזיסט איז אײַער טרחה:
שרײַט און שרײַט פון הײַנט ביז מאָרגן,
וועט דאָך פאָרט ניט ווערן גאָרניט,
פשוט גאָרניט אָט פון אַלע,
אַלע אײַערע וויכוחים;

ווײַל דעם ריינעם, רעכטן אמת
ווייסט דאָך נאָר איין גאָט אין הימל.
וואָס קאָן וויסן פּראַ־דיעגאָ?
וואָס קאָן וויסן רבי יוסף?
יעדערער פון זיי איז זיכער,
אַז דער ריינער, רעכטער אמת
איז בײַ אים אַליין פאַראַנען.
נאָר פאַר אים איז דער גן־עדן
מיטן גאַנצן עולם־הבא;
ער אַליין איז דער בן־יחיד
און דער יחסן בײַ דעם בורא.
אים געהערט אַלץ, ביז אַ ברעקל,
און דעם אַנדערן — אַ לעק ניט...

אַך, די אַלטע, אַלטע שאלות!
לאָזט זיי רוען: ניט מיט צאָרן
און מחלוקות קען מען קומען
צו דעם רעכטן, ריינעם אמת...
ניין, אומזיסט! די פילאָזאָפיע
האָט אין זיך אַזאַ מין קליפּה —
ניט פאַר אײַך געדאַכט — עס קאָרטשעט,
ברענט און שטעכט; עס ציט, עס ווילט זיך
איבעררײדן, איבערשרײַען...
צוואַנציק יאָר האָט זיך געצויגן
דער וויכוח, די מחלוקה,
ביז דער טויט איז אָנגעקומען
און געזאָגט: „גענוג, רבותים!
צוואַנציק יאָר האָט איר געשריען,
צײַט שוין אײַך זיך אָפּצורוען...
קומט מיט מיר, איך וועל אײַך פירן
אין אַן אָרט, וואו איר וועט אפשר
מיט אַמאָל דערגיין, דערוויסן,

וואו עס ליגט דער רעכטער אמת״...

2.

אויף דער קירכע אין נאַוואַראַ
קלינגען טרויעריק די גלעקער;
אין אַ רײַכער שײַנער טרונע
ליגט דער אַלטער פּראַ־דיעגאָ.
אין בית־המדרש אין נאַוואַראַ
זאָגט דער גאַנצער עולם תּהילים,
וויינט און קלאָגט... אומזיסט — עס העלפט ניט:
רבי יוסף איז געשטאָרבן.

ווײַט פון אונזער נאַריש וועלטל,
אין דער לופט אַלץ העכער, העכער
צו דעם ווײַטן בלויען הימל
פליען — שוועבן צוויי נשמות:
פּראַ־דיעגאָ און רבי יוסף...
(„סטײַטש! ווי הייסט? ווי איז עס מעגלאַך?
— פרעגט איר, — האַ? אַ איד אַ למדן
און אינאיינעם אויפ׳ן הימל
מיט אַ...״ אמת, קינדער! אָבער
וואונדערט זיך ניט: איך דערצייל דאָך
אײַך אַ מ ע ש ה ש ל א ה י ה,
אַ געשיכטע, ווי די וועלט זאָגט,
„ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.״
פרעגט זשע, כ׳בעט אײַך, ניט קיין קשיות,
זוכט ניט, כ׳בעט אײַך, דאָ קיין חידות,
און הערט בעסער אויס מײַן מעשה.)
פּראַ־דיעגאָ און, להבדיל,
רבי יוסף זענען ביידע,
ווי מען זאָגט, שוין אָפּגעקומען
דאָס פאַרפינסטערט, נאַריש וועלטל —
און צום ווײַטן, בלויען הימל

שוועבן, פליען צוויי נשמות
פון צוויי גוטע, פרומע שכנים,
פון צוויי גרויסע, בייזע שונאים.

„נו, אצונד, מיין ליבער שכן, —
טראכט דער אלטער פרא־דיעגא —
גרייט זיך נאר, אקארשט, מיין ליבער!
איך וועל דיך שוין גוט אויסצוואגן.
א, ווארט אוים, ווארט אוים א ביסל,
וועסט שוין וויסן, וועסט שוין פילן,
ווער עס איז גערעכט געוועזן...
גרייט זיך, גרייט זיך, רבי יוסף!
און דער אלטער פרא־דיעגא
שטעלט צונויף אין קאפ א לאנגע,
גרויסע, שרעקלאך־גרויסע רעדע,
פול מיט למדות און מיט חכמה.
די הקדמה צו דער רעדע
וואלט אליין כמעט פארנעמען
א מסכתא בבא־קמא...
א, דער אלטער פרא־דיעגא
איז נים פויל — זיין גאנצע למדות,
די פרושים׳לאך און פשט׳לאך,
אלע מליצות, אלע גראמען,
גמטריאות און נוטריקון —
אלץ פארמישט ער, אלץ פארקנייטשט ער
אין דער לאנגער שארפער דרשה.
און די דרשה ווערט אלץ גרעסער,
טיפער, שארפער... „נו, רב יוסף —
טראכט דער אלטער פרא־דיעגא —
אי, א באד וועסטו דאם האבן,
אי, א צוואג! — דעם גרעסטן שונא

וואָלט איך, כ׳לעבן, ניט געוואונשן
אויף דיין אָרט צו זיין, מיין ליבער,
טרייער שכן, רבי יוסף!
טייער, טייער וועט דיר קאָסטן
וואָס איך בין פון דיר אין לעבן
אויסגעשטאַנען!"...

אָט אַזוי

טראַכט זיך, שוועבנדיק צום הימל,
פראַ־דיעגאָ. און רב יוסף?
אָ, רב יוסף איז פאַרנומען
גאָר מיט אַנדערע מחשבות.
פּאָליטיק און פילאָזאָפיע
האָט ער גאָר אין גאַנץ פאַרגעסן;
איין געדאַנק און איין געפיל
זיצט ביי אים אין קאָפּ, אין האַרצן:
היינט וועט דאָך מקוים ווערן
די מחשבה פון זיין גאַנצן,
גאַנצן לעבן... אַך, דאָס בעסטע
און דאָס טייערסטע, דאָס ליבסטע,
וואָס ער האָט געגאַרט פון קינדהייט
מער פון אַלע פאַרגעניגנס,
דאָס וועט ער לסוף באַקומען:
אין גן־עדן, אין גן־עדן
פליט אַצונד דאָך רבי יוסף!!!...

קינדער מיינע, ליבע קינדער!
אַך, ווי גוט איז דאָרט, ווי ליבלאַך,
ווי געשמאַק איז אין גן־עדן!...
וואָס? איר מיינט, ווייל דאָרט איז ליכטיק,
וואַרים, פריש, עס פליען פויגל,
פליען, שוועבן, זינגען שירה;

וואונדער־שיינע ביימער וואקסן,
וואונדער־שיינע בלומען בליען,
פון קריסטאל, פון גאלד און זילבער
שטייען פאלאצן און שלעסער —
אפגעשפיגלט אין די ריינע,
זילבער־קלארע קוואלן, שטראמען;
אייביק וואקסן יענע ביימער,
אייביק בליען יענע בלומען,
און די פייגל מיט די שטראמען,
און די בלומען מיט די שטערן
גיסן דארט צונויף די שטימען
מיט די שטראלן, מיט די ריחות
אין א ליבן שיר־המעלות,
אין א זיסן לויב־געזאנג.
און די גליקלאכע נשמות
טוען אייביק דארט געניסן
פרייד און פרייהייט, רו און פרידן!
אט מיט דעם איז דער גן־עדן
א גן־עדן?... קינדער, קינדער!
ביימער, פייגעלאך און בלומען —
נארישקייט!... צו וואס? ווער דארף עס?
וועמען קערט דאס אן, איך בעט אייך?!
אין גן־עדן, מיינע ליבע,
איז פאראנען עפעס אנדערש,
עפעס בעסערס פון די אלע
פוסטע זאכן... וואס? איר פרעגט נאך?
סטייטש! אט דארט איז דאך דער מקור
פון דער תורה. אלע גרעסטע
אלע טיפסטע, שארפסטע מוחות,
וואס די וועלט האט נאר געזען,
זענען אלע דארט בכבודם.

אין אַ גרויסן, שיינעם גאָרטן
שטייט אַ גרויסער, שיינער פּאַלאַץ;
אין דעם גרויסן, שיינעם פּאַלאַץ
שטייען לאַנגע בענק און טישן;
גרויסע שאַפעס פול מיט ספרים
ביי די ווענט, אין יעדן ווינקל,
און אַרום די לאַנגע טישן
זיצן זיי, די גרעסטע לומדים
און גאונים... בערן! לייבן!...
אַלע קשיות, אַלע תיקו׳ס,
אַלע חידות און פּלפולים —
זענען דאָרט שוין לאַנג פאַרענטפערט...
וואָס? עס איז אייך עפּעס קשה
אינ׳ם תוספות? — גייט צום תוספות!
דער מהרש״א נאָך גלאַט אַ ביסל?
פרעגט, זייט מוחל, גייט, אָן זיצט ער;
פרעגט, ער וועט אייך אַלץ באַשיידן,
מאַכן אַלץ אייך קלאָר, פאַרשטענדלאַך...
אַלע ל״ב מפרשים
זיצן דאָרטן; אויף די קעפּ
שיינען, בליצן כתרי־תורה,
און די שכינה רוט אויף זיי...
גאָט דו מיינער! וואָס קאָן בעסער,
ליבער זיין פון דיין גן־עדן?!...
פּראַ־דיעגאָ... ע, אַן עסק,
גיי און האָב מיט אים וויכוחים!...
קום אַהער, דו גראָבער יורקע,
ווייז זיך נאָר אַרוים מיט דיינע
ווילדע פשט׳לאַך, ווידטע דרשות;
קום, מ׳וועט דיר דאָ אַזעלכע
תרוצים געבן, אַז דו וועסט שוין

אײַביק מער קײַן קשיות פרעגן!...

אַט אַזױ טוט בײַ זיך טראַכטן
רבי יוסף... װײַט פֿון אונזער
נאַריש װעלטל, העכער, העכער,
צו דעם טיפֿן, בלױען הימל
פֿליען, שװעבן צװײַ נשמות,
און אין גיכן װעלן קומען
זײַ אַהין, צום גרױסן בית־דין,
װאו עס װעלן קלאָר, פֿאַרשטענדיק
װערן אַלע שאלות, קשיות,
אַלע חידות, אַלע תיקו׳ס,
און זײַ װעלן שױן דערװיסן
דאָרט דעם רעכטן, ריײַנעם אמת...
און װאָס װײַטער, און װאָס העכער,

3.

װערט די לופֿט אַלץ קלערער, בלױער,
און די שטערן װערן גרעסער,
שײַנען ליכטיקער און העלער;
און װאָס נעענטער צום בית־דין,
װערט רב יוספֿ׳ן אַלץ זיסער
און געשמאַקער אױפֿ׳ן האַרצן.
און דער אַלטער פּראַ־דיעגאָ
װערט אַלץ מער צעקאָכט, צעזאָדן:
װאַרט נאָר, װאַרט, דו װעסט שױן װיסן,
װעסט שױן פֿילן, װער גערעכט איז,
װער פֿאַרשטײַט...

נאָר, סטאָפּ! אַט איז שױן
זײַער ציל — גענוג צו פֿליען...
פּראָ־דיעגאָ און רב יוסף...
אַך, װי באַלד עס האָט זיך שטיל
אָנגעהױבן אױפֿצומאַכן

דער באַקרוינטער, וואונדער־שײַנער,
גרויסער טויער פון גן־עדן,
האָט אויף בײדן אין אײן רגע
אַ מין בליץ געטאָן פון דאָרטן,
אַז זײ זענען באַלד פאַרטומלט
און פאַרבלענדט געוואָרן בײדע!...
אַלע ווערטלאַך, אַלע פּשט׳לאַך,
גמטריאות און נוטריקון
זענען באַלד בײַ פּרא־דיעגאָן
פונ׳ם קאָפּ אַרויסגעפלויגן.
רבי יוסף איז געבליבן
ווי פאַרגליווערט, ווי פאַרפרוירן,
האָט אַפילו ניט פאַרשטאַנען,
וואָס עס רעדט צו אים דער בת־קול
דאָרט פון אויבן, פון דעם גרויסן,
בלויען וואָלקן מיט די לאַנגע
העלע שטראַלן; האָט געציטערט
און געפּירט ווי אין קדחת...

צו זיך איז צוערשט געקומען
פּרא־דיעגאָ, דער קאַטויליק;
האָט זיך אויסגעווישט די אויגן,
האָט זיך אויסגעהוסט גאַנץ רואיק,
דעם געגאָלטן קאָפּ אַ ביסל
אויפגעהויבן. און פון זײַנע
דיקע, פעטע, רויטע ליפּן
האָט זיך אָנגעהויבן גיסן
די באַרימטע לאַנגע דרשה.
האַלב פון איר איז אים אַפילו
פונ׳ם קאָפּ אַרויסגעפלויגן;
צענדליק פּסוקים, גראַמען, מליצות
האָבן זיך ווי באַב געשאָטן;

עס איז אָבער אויך ניט ווייניק,
דאַנקען גאָט, ביי אים געבליבן.

„ — אַ, דו האַר פון אַלע האַרן! —
האָט ער האַסטיק אויסגעשריען, —
טו אַצונד דיין אויער נייגן
צו דיין קנעכט. פאַרנעם מיין תפילה,
גרויסער ליבער גאָט! איך בעט דיך:
לאָז דיין גרימצאָרן טאָן פאַלן
אָט אויף דעם פאַרפלוכטן אידן,
וועלכער שטייט פאַר דיינע אויגן!
לאָז דיין שטראָף אויף אים טאָן פאַלן
פאַר דער חוצפה, פאַר דעם עזות
וואָס ער טראָגט אין זיין פאַרגרעבטן,
בייזן האַרצן!... ליבער פאָטער,
מיין באַשעפער, מיין באַשיצער!
טו מיט מיר דיין גרויסן חסד
און באַשטראָף אים, ווי עס קומט אים,
פאַר זיין חוצפה!... הערט אַ ביסל:
„איך בין, זאָגט ער, ביי דעם בורא
אַ בן־יחיד, אַ מיוחס,
ווייל איך בין געווען דער ערשטער,
ווער עס האָט די ליבע תורה
און דעם עכטן, ריינעם גלויבן
אויף דער וועלט געבראַכט פאַרציי‍טן“...
נו, בקיצור, כ׳וועל ניט ספּאָרען,
אפשר איז דאָס טאַקע אמת...
ווייס איך... זאָל זיין יאָ... נו, מילא,
און אַז יאָ, איז וואָס געוואָרן? —
איך ווייס אָבער — און אַ גאַנצע
וועלט קאָן זיין אויף דעם אַן עדות —
אַז דאָס ערגסטע און דאָס שלעכטסטע

פאָלק פון אַלע זענען זיי —
די פאַרשאָלטענע אויף אייביק,
ביזע אידן! אַך, עס איז דאָך
פשוט גאָרניט צו באַשרייבן,
וואָס מען האָט פון זיי געליטן,
זינט זיי זענען פון מצרים
אַרויסגעגאַנגען און ביז איצטער...
אָבער מער ווי אַלע פעלקער
האָבן מיר פון זיי געליטן,
מיר, די שפּאַניער!... ליבער גאָט!...
(פּראַ־דיעגאָ האָט אַ טיפן,
טיפן זיפץ געטאָן, צוויי גרויסע,
הייסע טרערן, ווי צוויי פּערל,
האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט
איבער זיינע דיקע באַקן).

„— גאָט דו מיינער! — האָט ער ווידער
אָנגעהויבן. — ליבער פאָטער!
וויפיל שלעק און וויפיל צרות
איז אויף אונזער קאָפּ געפאַלן!
וויפיל געלט און צייט און טרחה
האָט געקאָסט אונז אָט דאָס קליינע,
שוואַכע אומה׳לע! באַרעכנט
אַלץ וואָס אונזער לאַנד איז נעבאַך
אויסגעשטאַנען פון די אידן...
גוואַלד! עס איז דאָך אַ רציחה!
וויפיל האָלץ און וויפיל קוילן
איז אויף אים פאַרברענט געוואָרן,
אויף דעם קרבן כולו־כליל,
אויף די הייליקע מזבחות
פון די אַאוטאָ־דאַ־פע!
וויפיל שטריק און וויפיל בייטשן

האָבן מיר אויף אים צעריסן!
וויפיל טורמעס און אַסטראָגן
האָבן מיר פאַר אים געסטראָיעט!
וויפיל מוסרים און דינים
וויפיל שומרים און תלינים
האָבן מיר פאַר אים געהאַלטן,
שכירות זיי געצאָלט, געשריבן
און געדרוקט פאַר זיי די דינים,
די מנהגים און די סדרים...
וויפיל וואָקס און וויפיל ווייראַך
האָט מען אויסגעבראַכט אין שפּאַניען
אויף די אידן, — שרעקלאַך, פּשוט!
און דאָס אַלץ — אי געלט, אי טרחה —
נאָר פון עולם-הבא וועגן...
און דערביי — ווי פריינדלאַך, ליבלאַך
פלעגן מיר זיך טאָן באַגיין
אַט מיט די פאַרפלוכטע אידן! —
קיין געצאָלט פון זיי געפאָדערט
ניט פאַר ווידוי, ניט פאַר קבורה;
די אַלמנות און יתומים
פלעגן מיר פאַרזאָרגן פריינדלאַך,
מיט אַ בגד, מיט אַ דירה
אין די רואיקע און שטילע
קלויסטער-הייזער, מאָנאַסטירן.
ווי מען זאָגט — פאַר לייט געמאַכט זיי...
נו, און דאָס איז אַלץ נאָך ווייניק,
נאָך עד-היום קענט איר הערן
פון אַ אידן קללות, חרמות
אויף דעם אָרימן פאָלק פון שפּאַניען.
ס'איז ניט אויסצוהאַלטן פּשוט!...
וואָס? פאַרוואָס? דאָס איז דאָך ממש

אַ רציחה! אַ רציחה!"...
אַט אַזוי האָט פּראַ־דיעגאָ
לאַנג און לאַנג גערעדט, גע׳דרשנ׳ט
פֿאַר דעם בית־דין. ווי אַ לעמפּערט
האָט געברומט ער און געדונערט.
יעדעס וואָרט האָט ווי אַ האַמער
אין רב יוספ׳ס קאָפּ געשלאָגן,
האָט אים דורך און דורך געשטאָכן
און געשניטן ווי אַ מעסער.
אַ רחמנות איז געווען
אויף דעם אַלטן מאַן צו קוקן:
יעדעס גליד און יעדער אָדער
האָט געציטערט, ווי פון פיבער.
און בשעת פּראַ־דיעגאָ
האָט געענדיקט, און דער בת־קול
האָט געווענדעט זיך צום דין
רבי יוסף פון נאַוואַראַ
מיט די ווערטער: „נו, רב איד,
וואָס האָט איר אויף דעם צו זאָגן?"
איז דער אַלטער רבי יוסף
אויפגעשפּרונגען, לא־עליכם,
ווי אַן עכטער חסר־דעה
און משונה׳דיק, דערשראָקן,
האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווילדעס,
גרויס געשריי פון טיפן האַרצן:
„— שמע ישראל! שמע ישראל!
אונזער גאָט איז איינער!... איינער!!!"...

„— נו, און דאָס איז גאָר אינגאַנצן?"
— האָט געפרעגט ביי אים דער בת־קול, —
האָסט מער גאָר ניט, וואָס צו זאָגן?
נו, בקיצור... אַרט מיר אויך ניט...

הערט זשע אוים אַצונד, רבותים,
דעם גזר־דין, וואָס וועט אויף בײַדן
טאַקע באַלד מקוים ווערן:
דער קאַטויליק פראַ־דיעגאָ
קלאָגט אויף דעם, פאַרוואָס די שפּאַניער
האָבן פיל געהאַט הוצאות
אויף דעם פאָלק ישראל, היינו —
צוואַנגען, מעסער, ריטער, קײַטן...
יאָ, ער איז גערעכט; מען מוז אים
געבן שכר דערפאַר... נו, זאָל אים
ווערן אומגעקערט מיט רוח
טאַקע דאָ אין הימל אַלע
צוואַנגען, מעסער, קײַטן, ריטער
האָלץ און קוילן, שטריק און בײַטשן,
גאָר אינגאַנצן ביז אַ ברעקל...
און דעם אידן רבי יוסף,
וועלכער ברויכט שוין צופיל גאוה,
מאַכט זיך גרוים מיט דעם, וואָס זײַנע
עלטער־זײַדעס, עלטער־באָבעס
האָבן גוטס געטאָן פאַר לײַטן,
און בכן מעג ער שוין זיצן
ווי אַ פריץ און געניסן
אַלדאָס גוטס נאָר פון זכות־אָבות, —
אים דער פסק איז: ער זאָל ווידער
גאָר פון נײַ געבאָרן ווערן,
ווידער אָנטאָן זיך אַ קערפּער
אויף דער זינדיקער נשמה.
ווידער וואַקסן, ווידער לעבן...
גײט זשע, גײט, רב איד, זײַט מוחל,
ווידער אויף דאָס נאַרישע וועלטל,
גײט אַהין און איך באַפעל אײַך

אײַביק וואָגלען זיך און בלאָנדזשען,
גייִן און קריכן אָן אַן אויפהער
איבער פעלדער, איבער טײַכן,
בערג און טאָלן, שטעט און דערפער
און ניט אויפהערן צו שרײַען,
אײַביק שרײַען:
„שמע ישראל!
אונזער גאָט איז אײנער, אײנער,
אײן-און-אײנציקער אויף אײַביק!...
שמע ישראל! שמע ישראל!"...



## משיח׳ס צייטן.

(די פאַפּירענע בריק).

אין אַ שטעטל (ווי געהייסן
האָט דאָס ליבע שטעטל, — ווייסן,
גלויב איך, אַלע, קלײן און גרויס;
און אויב ניט, מאַכט אויך ניט אויס:
גושן, גינשפּריג, יארמעלינע —
וואָס איז דאָ די נפקא מינה,
וואָסער שטעטל, וואָסער טײַך?
כ׳שרײַב דאָך ניט קײַן גט פאַר אײַך)
אין דעם שטעטל, ערב פּורים,
הויך און מעכטיק ווי אַ שטורעם,
האָט אַ בת-קול זיך דערהערט:
„— אידן! גליק איז אײַך באַשערט;
אויס בהלות, אויס יללות,
אויס, אַ סוף צו אײַער גלות;
גיכער, ברידער, מאַכט זיך גרייט,
מאַכט זיך גרייט — משיח גייט!"...

*

און משיח איז געקומען...
אידן לויפן, שרײַען, ברומען,
אומגעלומפּערט און צעהיצט,
אי פאַרמאַטערט, אי פאַרשוויצט,

רויט ווי פײַער, בלײַך ווי מתים.
כאַפּן תּפילין און טליתים,
ספרים, בעטגעוואַנט און טעפּ;
ס׳גײַען כאָדאָראָם די קעפּ;
אַ יריד, אַ מאַרק, אַ מורא;
ס׳איז אין שטעטל שמחת־תּורה;
און שוין פּלאַנען טאַקע באַלד
מאַכן אַלע יונג און אַלט,
ווי אַזוי דאָרט אָנצוהײבן
גאָר אַ נײַעס, זיסעס לעבן.

*

מאָטיע טשוואָק דער וואַסערפירער
האָט געכאַפּט דעם לעצטן פירער
און, צעפלאַקערט ווי אַ בליץ,
באַלד אין שענק אַרײַן מיט היץ:
„— אַ גאָט העלף! אַ נו, רב חיים,
גיסט נאָר אָן אַ כוס לחיים
און פון גרעסטן טאַקע שטאָף.
וואַסער פירן? אויס, אַ סוף,
ווײַל אויף גאַנץ ירושלים
וועלן זײַן דאָך שואבי מים
די בני גבעון!... גײט אין דר׳ערד
אי דאָס פעסל, אי דאָס פערד!“...

„— הערסטו, סערדצע, הערסטו האָדל,
צום שוואַרץ־יאָר די שער און נאָדל!
אויס, אַן עק צו שנײַדערײַ,
און אַ לעבן פון דאָס נײַ!“ —
האָט געשריגן יענקל שנײַדער. —
„כ׳ניי אָט באַלד אַ קלייד פון זײַד דיר
און אַ שלעפּ־שאַל קויף איך דיר...
געלט? דו, בהמה, אָן אַ שיעור!
הוליעט, קינדער! הוליעט, ברידער!
ווײַל אַז באַלד גאָט וועט שוין ווידער
מיט זײַן גרויסער, שטאַרקער האַנט
פירן אונז אין אונזער לאַנד
און דעם בית־המקדש בויען,
בין איך דאָך מײַן ווײַב, אַ כּוהן!
זיץ זיך רואיק אין געצעלט,
און צו דיר אַ גאַנצע וועלט
גײט און טראָגט פון אַלעם בעסטן:
הינער, טויבן גאַנצע נעסטן,
מעשר, תּרומה פולע זעק,
מעל און בוימל אָן אַן עק.

וואַרמעס קאָכן, האַרץ מײַנס? אַך
וואָס דיר גלוסט זיך נעם און קאָך:
אַ געבראָטנסל אַן ערך
פון די פעטסטע שוק וירך,
מיט אַ צימעסל פון שלמים,
אָנגעפעפערט פול מיט בשמים!
קלײַב דיר אויס דעם בעסטן ביסן
און פאַרטרינק מיט יין-קפריסין.
„האַ? אַשמאַלץ-גרוב בנאמנות...
עס און טרינק און ברענג קרבנות!“...

בײַ אַ גלעזל גוטן מעד
איז געזעסן און גערעדט
משה טראַליסמאַן דער סקלאַדטשיק
מיט רב שלמה'ן דעם פאָדריאַטשיק:
„— הײַסט עס, קלערט איר נעמען דאָרט
דעם פאָדריאַד? גאַנץ גוט. נאָר פאָרט,
אַ בית-המקדש סטראָיען... שווערלאַך!
הײַנט בײַ אידן גײַ בלײַב ערלאַך...
נײַן, איך נעם דעם אָטקופּ דאָרט, —
אַ געשעפטל פערווי סאָרט;
פשוט זאָגן, גאָלד צו שפינען,
ממון קורח צו פאַרדינען“...
„יאָ, רב משה, אָבער פאָרט,
איר פאַרגעסט ניט — וואוינען דאָרט
וועט דאָך נאָר דאָס פאָלק-ישראל,
אונזער לאַנד און אונזער קהל,
זײַן בײַ זײַ אַ סקלאַדטשיק... אָך!
אידנס שכרות ווײַסט איר דאָך:

אויף הבדלה און אויף קידוש“...
„— אַי, רב שלמה, ס'איז אַ חידוש
מיר אויף אײַך... ווי הײַסט... איר הערט?
אידן טרינקען ניט!? פאַרקערט.
גלויבט מיר, איך וועל זײַן צופרידן;
טרינקען וועלן מ ו ז ן אידן,
און טאַקע י"ש למען-השם;
ס'איז אַ פסוק דאָ אויף דעם.
איר געדענקט דעם נביא'ס שרײַען:
ה ו י ש כ ו ר י ם ו ל א מ י י ן!
הײַנט באַקלערט, אַז ניט פון ווײַן,
מוז דאָך דאָס פון בראַנפן זײַן!“...

נחמן-מענדל ציפערבלאַט,
אַ ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט,

האַט געמאַכט אַ שמועס אין מנין
וועגן חיל (אין דעם ענין ·
מן הסתם איז ער געניט)
„ — חיל דאַרף מען, ווי דען, ניט ?
יונגע לײַט איז קײַן עין-הרע
דאָ גענוג, און ס׳איז אַ סברא,
אַז פון פריזיוו וועט מען דאָרט
ניט אַנטלויפן ; אָבער פאָרט
אַלץ דאַרף זײַן דאָך בלאַהאָראָדנע —
אַ פּאָלקאָווניק און אַ ראָטנע,
די אוטשעניע, דער פּאַראַד —
אויסצולערנען דעם סאָלדאַט,
ער זאָל זײַן אין סלוזשבע פליײַסיק...
איז בכן כאָטש אַ יאָר דרײַסיק,
אַז איך גיי אויף קוליעס, האָב
אַ קאָנטוזיע אין קאָפּ,
מיט אַן אויסשפּרונג אַ פּאָנפּאָטן
(בירושה פונ׳ם טאָטן)
און דאָס לינקע אויג זעט אויך
עפּעס אַלץ ווי דורך אַ רויך,
אַגב, אידן, ווי איר זעט,
בין איך כאָטש-בי תיכף גרייט,
כדי אידן ניט פאַרשעמען,
די קאָמאַנדע אויף זיך נעמען ;
אַרטילעריע מיט פּעכאָטע,
מיט האַרמאַטן, ביקסן... בלאָטע :
נייט נאָר אויף מיר אַ מונדיר,
און איך ווער אַ קאָמאַנדיר"...

אויפ׳ן שול-הויף ווערט אַ דראַקע :
צוויי בינדיוזשניקעס, און טאַקע
די, וואָס עברי ניט אַ וואָרט,
האָבן זיך צע׳טענה׳ט דאָרט
וועגן דעם, אויף וואָסער אָרט —
נוסח אַשכנז אָדער ספרד —
דאַווענען ד אָ ר ט ן זאָל דער עולם...
„ — אַשכנז, בהמה !" „ — ספרד, דו, גולם !"...
„—יורקע!"... „—ממזר!!"... און צום עק —
קלעפּ געבראָטענע, אַ שרעק...

זעענדיק דעם עולמ׳ס פרייד,
הערנדיק די אַלע רייד
מיט די פּלאַנען פונ׳ם קהל
אויפ׳ן גאַנצן לאַנד ישראל,
„ — שטייט, רבותים, וואַרט נאָר אויס,

אייַער גליק איז טאַקע גרויס". —
האָט געזאָגט משיח. — אידן
מעגן טאַקע זייַן צופרידן,
הוליען אויפ׳ן העכסטן אָרט,
וואָס זיי האָבן מיך דערוואַרט:
אָבער קודם אַלע זאַכן
דאַרף איך דאָך די בריק אייַך מאַכן,
ווי איר ווייסט דאָך, פון פאַפיר.
ברענגט זשע מאַטעריאַל צו מיר"...

*

„וואָס? פאַפיר? אַך, מיר פאַרמעגן
דאָס אַפילו אַכצן וועגן:
תנאים... גט... פריכאַד־ראַסכאָד..
אידן שרייַבן. דאַנקען גאָט!"...

אויפ׳ן שול־הויף וואו אין בלאָטע
שווימט אַרום אַ גאַנצע ראָטע
געגנז און קאַטשקעס טאָג און נאַכט,
איז געוועזן דער סקלאַד געמאַכט.
אינגלאַך, מיידלאַך, ווייַבער, זקנים
האָבן זיך צעיאָגט אינאיינעם.
און פאַפיר האָט יעדער באַלד
אָנגעבראַכט — אַ שרעק, אַ געוואַלד:
ספרים, ביכער, בלעטער, בלעטלאַך;
אידן לומדים — נייַע פשט׳לאַך
שאַרפע, טיפע — על־פי־רוב
אויף וויזתא׳ס גרויסן „וואָו",
אויף „צפיחית", „אחשתרנים"
מיט נוטריקין און סימנים.

די זשאַרגאָנע ראָמאַניסטן —
גאַנצע פעק פון אַלע מיסטן,
ווי למשל אַ ראָמאַן:
„דרייצן ווייבער און איין מאַן",
„פון אַ בת־מלכה מיט צוואַנציק
פעלד־גזלנים לעבן דאַנציק",
ווי זיי האָבן מיט געוואַלד
אין אַ גרויסן, טיפן וואַלד
זי פאַרפירט און דאָרט פאַרבאָרגן
אין אַ הייל, און ווי אויף מאָרגן
איז געגאַנגען דורכ׳ן וואַלד
אַ באַהעלפער יענקל שפּאַלט,
(נאָך אַ שטעקל צו דעם קאַנטשיק
פאַר די אינגלאַך מק"ק דאַנציק)

האָט די בת-מלכה געפונען,
די גזלנים אין אַ ברונען
זײער קלוג אַרײַנגענאַרט,
אַלע צוואַנציק דאָרט פאַרשפּאַרט
און אַוועק בײַנאַכט פאַמעלאַך
מיט דער בת-מלכה צום מלך;
ווי דער מלך האָט באַלוינט
דעם באַהעלפער, וועלכער וואוינט
איצט אין גינשפּריק, האַלט דאָרט סקלאַדן,
פירט געשעפטן, נעמט פּאָדריאַדן...
און אַזוי אויף דרײַצן אײַל
אַ ראָמאַן אין זיבן טײַל...

די זשאַרגאָנע גראַמען-קלײַבער —
שאַרפע מוחות, וואַזשנע שרײַבער
מיט פאַנטאַזיעס אַ בראַנד!
האָבען תיכף אײַנגעשפּאַנט
אַ פּאָר ציגן אין אַ שליטן
מיט אַ בהמה אין דערמיטן
און געבראַכט פּאַפּיר אַ באַרג
און געזאָגט, אַז אויב ס'איז קאַרג,
וועלן זײַ — מען זאָל ניט זאָרגן —
נאָך אַזוי פיל ברענגען מאָרגן:
שירים, מליצות, וואָרט צו וואָרט
אָן אַנטיק צונויפגעפּאָרט,
ווי, למשל:
טאַטע, שמאַטע; ציגן, פליגן;
איציע, פּיציע, פּיצעריצע;
קעפּל, קנעפּל, טעפּל, יויך;
אַפּיקומן, קוימען, רויך.
קורץ געזאָגט — אַזעלכע גראַמען,
וואָס מען קאָן מיט זײַ זיך סמ'ען...
די פּאָלעמישע קריטיק —

שמאַטעס, בוי כאָטש דרײַצן בריק.
ספּליאָטקעס, מעשה'לאַך צום לאַכן
פון אינטימנע פרעמדע זאַכן:
וואָס טרינקט דער, וואָס יענער עסט,
ווער בײַ וועמען זיצט אויף קעסט;
מיט אַ שפּראַך, וואָס זי צו הערן
בעל-עגלה'ס דאַרף מען ווערן...

אויף פּאַפּיר פון שענסטן אַרט
האָט משיח'ן געבראַכט
זײַן אַטשאָט דער פּרנס-חודש,

וואו ס׳איז יעדע ציפער קודש:
וואָס, פון וועמען, ווער און ווער —
און קיין קאָפּיקע ביי דעם...
איר אַטשאָט — די תלמוד־תורה,
אָפּגעדרוקט מיט מרה־שחורה...
און דער הקדש און די שול —
אַן אַטשאָט מיט ציפער פול:
וויפיל שפּאַלטן, וויפיל לעכער
אין די ווענט און אין די דעכער.
וויפיל הייצונג גייט אַוועק,
ס׳זאָל דאָרט זיין אַ קעלט — אַ שרעק.

דער ראַבינער — זיינע דרשות,
וואָס פון זיי שלאָגט אַן חלשות...
בעלי־טאַקסעס — דעם קאָנטראַקט,
וואו עס שטייט בפירוש: „האַקט,
רייסט און שינדט די הויט פון קונה,
ווי פון אייער גרעסטן שונא״...
די רבנים, די מופלגים —
שאלות־תשובות וועגן סיגים.
חברה־שניידער — גאַנצע פּעק
מיט מסירות אַן אַן עק:
אויף די קלעפּ הושענא־רבה
אין בית־מדרש פאַר דעם גבאי,
אויף דעם סטאַראָסטעס „ד אַ כ אַ ד ״,
אויף דער שול און אויף דער באָד...

די מלמדים פונ׳ם שטעטל —
אַ פּאַדראָבנעם לאַנגן צעטל,
וויפיל מאָל אויף יעדער שעה
שטאַרבן זיי פון הונגער דאָ;
וויפיל קרומע און האָרבאַטע
און זאַאיקע און פאָנפאַטע
זענען צווישן זיי פאַראַן,
און דערצו געמאַכט אַ פּלאַן
אַ קאַרטינע פונ׳ם חדר,
וואו זיין אָרט פאַרנעמט דאָרט יעדער:
וואו די קוואָטשקע, וואו די ציג,
וואו די בעט און וואו די וויג...

וואָכערניקעס — לאַנגע ספּיסקעס,
ווי געמאַטעוועט די קישקעס
ביי יתומים און אלמנות
מיט פּראָצענט — פאַר גרויס רחמנות...
דער פּאָדריאַדטשיק פון דער באָד
האָט געבראַכט אַ לאַנגען סטשאָט,

װאו ס'איז דײַטלאַך אַלץ פאַרשריבן,
װאָס בײַ אים איז נ י ט געבליבן...

פון איספּראַװניק דער דיעסיאַטסקע
האָט געבראַכט אַ גאַנצע טאַטשקע
פול מיט אידישע דאַנאָסן,
און געזאָגט בזה הלשון:
„— היות, דער עולם גײַט אַװעק,
טאָ נעמט מיט זיך אָט די פּעק
ספּליאָטקעס, פּראָזשבעס אַלע סאָרטן,
לאָז מען זײ שױן רעשען ד אָ ר ט ן“.
קורץ, פּאַפּיר פון אַלע װערק
גאַנצע סקירדעס, גאַנצע בערג —
אַ דערקװיקעניש צו זעען!...

אָבער הערט, װאָס ס'איז געשעען:
אַז משיח האָט באַטראַכט,
װאָס דער עולם האָט געבראַכט —
אָט די אַלע אַלטע שמאַטעס,
דאָ מיט לעכער, דאָרט מיט לאַטעס;
אָט דעם שמוץ, דאָס מיסט און שטױב,
װאָס עס מאַכט אונז בלינד און טױב,
װאָס פאַרצאַמט דעם װעג דעם ברײטן,
װי מיט גראָבע, שװערע קײטן,
און עס מאַכט צו שפּאָט און שאַנד
אונזער פאָלק אין גאַנצן לאַנד,
בײַ דעם מינדסטן אין די אױגן, —
האָט ער טיף דעם קאָפּ געבױגן
און געזאָגט: „— נײן, ברידער, נײן...
אפשר איז דאָס גוט און שײן,
אָבער חוץ גאָר אַלע זאַכן,
אױף דער בריק, װ ו אָ ס א י ך דאַרף מאַכן,
ניט אַזאַ מין סאָרט פּאַפּיר,
ליבע ברידער, טױג פאַר מיר
פון דעם ביטערן און בײזן
גלות — אידן צו דערלײזן“...
און משיח האָט זײַן פערד
פון דעם שטעטל אָפּגעקערט
און מיט טרױער, שמערץ און צאָרן
װײַט פון דאָרט אַװעקגעפאָרן...



# ווערטערביכל

## פון שווערערע ווערטער, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך.

---

### א

אות-זיכרון (אויס-זיקאָרן) — אַנדענקציינכן.

אַטשאָט — רעכענונג, דין וחשבון.

איה״ש — אם ירצה השם (אים אירצע האַשעם, אָדער: אימירצעשעם) — אַז גאָט וועט וועלן.

אימת-מות (איימאַס מאָוועס) — טויטשרעק.

איספּראַווניק — פּאָליציי-אינספּעקטאָר פון אַ גאַנצן אויעזד (קאַונטי).

אל-מלא רחמים (אויל מאָליי ראַכאַמים) — אַ תפילה צו דערמאָנען אַ געשטאָרבענעם.

אַסטאַטקעס — רעשטלאַך, איבערגעבליבענע שטיקלאַך.

ארבע-כוסות (אַרבע קויסעס) — פיר גלעזער וויין, וואָס מען טרינקט פּסח צום סדר.

אַשכנז (אַשקענאַז) — דייטש, דייטשעאידן.

אַשמדאַי — דער קעניג פון די שדים.

### ב

בבא-קמא (באָבע קאַמע) — ערשטע אָפּטיילונג, דער נאָמען פון אַ מסכתא אין דער גמרא.

בורא עולם (בוירע אוילאָם) — באַשעפער פון דער וועלט.

בינדיוזשניקעס — פורלייט.

בלאַהאַראָדנע — איידל, שיין.

בלבול (בילבול) — אַן אויסגעטראַכטע זאַך.

בנעימות (בינימעס) — פּאַמעלאַך, פאַרגעניגנדיק.

בן שלשים לכוח (בען שלוישים לאַקויאַך) — צו דרייסיק יאָר איז מען באַזונדערס שטאַרק.

בעל-תוקע (באַל טויקייאַ) — אַ מאַן, וואָס בלאָזט שופר.

בקי אין הלכת-עגלה (באָקי אין הילכעס אַגאָלע) — געניט אין באַגיין זיך מיט אַ וואָגן.

בר-מינן (באַרמינען) — טויטער, מת.

בשמים (בסאָמים) — געווירצן.

### ג

גואל-צדק (גויעל-צעדעק) — דער גערעכטער אויסלייזער, משיח.

גלות (גאָלואַך) — געגאָלטער.

גמטריאות (גימאַטריאָעס) — דאָס צונויפרעכענען די צאָלן, וואָס ווערן אויסגעדריקט דורך די אותיות פון ווערטער.

### ד

דאַכאָד — איינגאַמע.

דאַנאָסלאַך — מסירות.

דוואָרעץ — פּאַלאַץ.

דיעסאַטסקע — פּאָליציימאַן.

דענעבורג, איצט דווינסק — אַ שטאָט אין דער ליטע.

דראַקע — געשלעג.

### ה

הבטחה (האַווטאָכע) — פאַרזיכערונג, פאַרשפּרעכן.

הוי, שיכורים ולא מיין (הוי, שיקורים וועלוי מייאַין) — אוי, איר שיכור׳ע ניט פון וויין!

היינו (הייגע) — צום ביישפּיל: דאָס איז.

הלכת-נזיר (הילכעס נאָזיר) — די געזעצן וועגן אַ נזיר.

המציאה (האַמצאָע) — איינפאַל.

העני ממעש (העאָני מימאַאָס) — אָרים אין גוטע טאַטן.

הפקר (העפקער) — קיינעמס ניט.

הצלחה (האַצלאָכע) — גליק.

הקדש (העקדעש) — הויז פאַר אָרימעלייט; שפּיטאָל.

הקטן (האַקאָטן) — דער קלענער: מיין ווינציקייט.

הרי-חושך (האָרע כווישעד) — פינסטע-רע בערג.

## י

ואלה המשפטים (וועאיילע האַמישפּאָ-טים) — און דאָס זיינען די געזעצן. אַזוי הייבט זיך אָן איין סדרה אין חומש.

ווידוי — אָפענע אַרויסזאָגונג פון די באַגאַנגענע זינד.

וויכוח (וויקואַך) — אַ דיספּוט, אַ דע-באַטע.

## ז

זאַוועסקעס — העלצלאַך צו פאַרהאַלטן די רעדער.

## ח

חידה (כידע) — רעטעניש.

חידוש (כידעש) — וואונדער.

חילות (כאַיאָלעס) — אַרמייען.

חכם עתיק (כאָכעם אַטיק) — גוואַלדי-קער קלוגער יונג.

חסר-דעה (כאָסער דייע) — משוגע.

חצות (כצאָס) — האַלבע נאַכט.

חרמות (כראָמעס) — ווּסטע קללות.

## ט

טונדרעס — בלאָטעס אין צפון סיביר.

טל-ומטר (טאַל-אומאָטאָר) — טוי און רעגן.

טרעסטשען — סקריפּען.

## י

יאָלד — נאַרישער יונג.

יולדת (יוילעדעס) — געווינערן.

יונים (איוואָנים) — סאָלדאַטן.

יורה-דעה (יוירע דייע) — געזעץ-בוך קאָדעקס.

יין-קפריסין (יעין קאַפּריסן) — וויין פון אינזל קיפּר.

ימח-שמו'ניק (אימאַך שמויניק) — איינער, וואָס זיין געדעכעניש וואָלט געדאַרפט אָפּגעמעקט ווערן.

י"ש (יאָש) — בראָנפן.

## כ

כוונה (קאַוואָנע) — טיף-דורכגעדראַכ-טער געדאַנק; אַ מיין.

כורעים (קוירים) פאַלן — בוקן זיך.

כלאָפּאַטשען — האַוועןן.

כל-בו'ניק (קאָלבויניק) — איינער וואָס קאָן אַלץ, און קאָן דעריבער גאָרנישט.

כתב (קסאָוו) — שריפט, געשריבענער אָפּמאַך.

כתר-תורה (קעסער טוירע) — די קרוין פון דער תורה.

## ל

לא-עליכם (לוי אַלייכעם) — ניט פאַר אייך געדאַכט.

לאָפּען — פּלאַצן.

ל"ב (לאָמעד בייס) — 32.

לילית וכל כת דילה (לילים ווייכאָל קאַט דיליי) — לילים און איר גאַנ-צע חברה.

למדות (לאָמדעס) — קענטשאַפט, וויסן.

למען השם (לעמאַאַן האַשעם) — אום גאָטעס ווילן; אומבאַדינגט.

לעמפּערט — לעאָפּאַרד, ענלאַך צו אַ טיגער.

לעת-עתה (לעסאַטע) — דערווייל.

## מ

מאורים גדולים (מעאוירים גדוילים)— גרויסע ליכטער; גרויסע מענשן.

מדבר-חורב (מידבאַר-כוירעוו) — די וויסטעניש פון דעם באַרג חורב אָדער סיני, וואו מען האָט די אידן געגעבן די תורה.

מהרש"א (מאַהאַרשאָ) — אַ פּירוש, אַ קאָמענטאַר צום תלמוד.

מולד (מוילעד) — די געבורט פון דער לבנה, די נייע לבנה.

מוסרים (מאָסרים) — פּראָוואָקאַטאָרן, שפּיאָנען.

מופלג — געלערנטער.

מזל-ברכה (מאַזל-בראָכע) — גליק און בענשונג.

מחבר (מעכאַבער) — אַווטאָר, פאַרפאַ-סער.

מחלוקת (מאַכלויקעס) — קריגערייַ.

מחשבות זרות (מאַכשאָוועס זאָרעס)— פרעמדע געדאַנקען.

מכלכל-חיים (מעכאַלקל-כויאים) — אַ תפילה אַזאַ. מיינט: שפּייזט די לעבעדיקע.

מלוה (מעלאַווע) זיין — באַגלייטן צו דער לעצטער רו.

מליצה (מליצע) — שיינער, בילדלאַכער אויסדרוק.

מלך-יון (מיילאַך יאָוואָן) — קעניג פון די גריכן.

מן-המצר (מין האַמייצאַר) — אַ קאַפּיטל תהלים, וואָס הייבט זיך אָן מיט אָט די ווערטער. זיי מיינען: פון מיין ענגשאַפט, פון מיינע צרות.

מניעה (מעניע) — אָפּהאַלט.

מסכתא (מעסיכטע) — אַ טייל פון דער גמרא.

מעשה שלא היה (מייסע שעלוי האָיע) — אַ זאַך וואָס איז ניט געווען: וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.

מפרשים (מעפאָרשים) — קאָמענטאַרן.

מקוים (מעקויעם) ווערן — פאַרווירקלאַכט ווערן.

מרה-שחורה (מאָרע שכוירע)—אומעט.

משורר (מעשוירער) — זינגער, פּאָעט.

משקל-השיר (מישקל האַשיר) — דער ריטם פון ליד.

מתפלל (מיספּאַלעל) — דאַוונט, בעט.

## נ

נוטריקון (נוטריקן) — דאָס צונויפשטעלן די ערשטע אותיות פון ווערטער.

נזיר (נאָזיר) — אַ מאַן, וואָס שיידט זיך אָפּ פון דער וועלט.

נחלה (נאַכלע) — אַ גוט, אַן אייגנטום.

נחמה (נעכאָמע) — טרייסט.

ניאַנטשען — האָדעווען, כאָוועז.

## ס

סטאַראָסטע — גבאי.

סטעזשקע — שטעגעלע.

סטראָיען — בויען.

סטשאָט — חשבון.

סלוזשבע — מיליטער-דינסט.

סמירנאָ! — רואיק.

סמעטע — אויסרעכענונג וויפיל אַ זאַך דאַרף קאָסטן; ביודזשעט.

סערדצע — האַרץ מיינס!

ספּיסקעס — צעטלען.

ספּליאָטקעס — רכילות, אָנרייידינקעס.

ספרד (ספאַרד) — שפּאַניש. שפּאַנישע אידן.

סקירדעס — גרויסע הויפנס.

סקלאַדטשיק — אַ גרויסער קרעמער.

סקעליעס — פעלזן.

## ע

עד לב השמים (אַד לייוו האַשאָמאַאים) — ביז'ן מיטן הימל.

על-כל-פנים (אַל קאָל פּאָנים) — ווייניקסטנס.

עם קשה עורף (אַם קשיי אוירעף) — אַ האַרטנעקיק פאָלק.

עניני אמונה (איניאָניי עמונאָ) — גלויבן זאַכן; רעליגיעזע פראַגן.

ערי-מקלט (אָריי-מיקלאָט) — שטעט, וואוהין מען קען אַנטלויפן, פאַרקלייבן זיך.

## פ

פּאַדראָבנע—גענוי, מיט איינצלהייטן.

פּאָדריאַטשיק — איינער וואָס נעמט אונטער גרויסע אַרבעטן.

פּאָטשטאָווע קוריערן—פּאָסט-קוריערן.

פּאַטשערקעס — גלעזערנע פּערל.

פּאָלקאָווניק — עלטסטער אָפיצער פון אַ גאַנצן רעגימענט.

פּאַסטאָי-קאַ — שטוי-קאָר.

פּאַספּיען — באַווייזן צו קומען.

פה נטמן (פּוי ניטמאַן) — דאָ ליגט באַגראָבן.

פּעכאָטע — פוס-סאָלדאַטן, אינפאַנטעריע.

פּעסטשען — נאָכגעבן.

פּראָזשבע — אַפּליקאַציע, ביטע.

פּריכאָד-ראַסכאָד — איינגאַמע-אויסגאַבע.

פרנס-חודש (פּאַרנעס-כוידעש) — דער עלטסטער פון די אידן פון שטאָט, דער גבאי.

**פּרקי-אבות** (פּירקע אָוועס) — די לע-
רעס פון די פּאָטערס.

## פ

**פּאַרדושען** — פּאַרשטיקן, פּאַרדעמפּן.
**פּאַר׳חושכ׳ט** (פּאַרכווישעכט) — פּאַר-
פינסטערט.
**פּאַרמאַלנע** — פּאַרמעל, לויט דער איינ-
געשטעלטער פאָרם.

## צ

**צאָן-קדושים** (צוין-קעדוישים) — היי-
ליקע שאָף.
**צדק לפניו** (צעדעק לעפּאָנאָוו) — אַ
תפילה וואָס מען זאָגט, ווען מען גייט
נאָך אַ לוויה. מיינט: זיין גערעכטי-
קייט זאָל גיין פאַר אים.
**צוואה** (צאַוואָע) — דער לעצטער ווילן.
**צעזור** — קורצער אָפּשטעל אין מיטן
שורה.
**צפיחית** (צאַפּיכיס) **אחשתרנים** (אַכאַ-
שטראָנים) — שווערע ווערטער פון
תנ״ך.

## ק

**קאַטאַיען זיך** — אַרומפּאַרן.
**קאַנטאָניסט** — איינער, וואָס מען האָט
אים געכאַפּט און אָפּגעגעבן פאַר אַ
סאָלדאַט, ווען ער איז נאָך געווען אַ
קליין קינד.
**קאָנטשען** — ענדיקן.
**קאַפּיצע** — קופּקעלע.
**קאַרטינע** — בילד.
**קבר-אבות** (קייווער אָוועס) — אויף
דעם קבר פון נאָענטע מענטשן.
**קודש** (קוידעש) — הייליק.
**קוואַטשקע** — הון.
**קוואַרטאַלנע** — פּאָליצײ-אינספּעקטאָר.
**קימא-לן** (קאַימע לאָן) — דער סך-הכל,
די סומע.
**קליפּה** — שלעכטער גייסט.

## ר

**ראַבינער** — רעגירונגס-רב.
**ראַטנע** — דער עלטסטער אָפּיצער פון
אַ ראָטע, פון אַן אָפּטיילונג סאָלדאַטן.

**ראש-הפּסגה** (רויש-האַפּיסגאָ)—שפּיץ
באַרג.
**רבותים** (ראַבויסים) — מיינע הערן.
**רוח** (רועך) — פאַרדינסט.
**רעשען** — באַשליסן.
**רשעות** (רישעס) — שלעכטס.

## ש

**שואבי-מים** (שויאַווי-מאַאים) — וואַ-
סער-טרעגער.
**שולט** (שוילעט) — הערשט.
**שוק וירך** (שויק וואָיערעך) — פוס און
דיך, אַ טייל פון אַ קרבן, וואָס דער
כהן נעמט זיך.
**שיר-המעלות** (שיר האַמאַילעס) —
ליד, געזאַנג.
**שכינה** (שכינע) — אָפּשיין פון גאָט.
**שלום-זכר** (שאָלעם זאָכער)—דער שבת
נאָכ׳ן געבאָרן פון אַ אינגל, ווען מען
קומט געוואָר ווערן דעם נייגעבאָרע-
נעם.
**שלמים** (שלאָמים) — קרבן, פון וועלכן
דער ברענגער נעמט פאַר זיך אַ גרויסן
טייל.
**שקל** (שעקל) — אַ האַלבער טאָלער. אַ
ציוניסטישע ביישטייערונג.
**שכר** (סכאַר) — באַצאָלט.
**שכר-דירה** (סכאַר-דירע)—דירה-געלט.
**שנאת-מות** (סינאַס-מאָוועס) — אַ
פיינדשאַפט ביז צום טויט.

## ת

**תוך** (טאָך) — גרונד.
**תוספות** (טויספעס) — אַ קאָמענטאַר
אויף דער גמרא.
**תחית-המתים** (טכיאַס-האַמייסים) —
דאָס לעבעדיק ווערן פון די טויטע.
**תיקו** (טייקו) — ניט פאַרענטפערטע
פראַגע.
**תליה** (טליע) — די קלאָץ אויף אויפצו-
הענגען.
**תליון** (טאַליען) — הענקער.
**תקנות** (טאַקאָנעס) — געזעצן.
**תרי״ג** (טאַריאַג) — 613.
**תשובה ותפילה וצדקה** (טשוואָוע או-
טפילע אוצדאָקע) — חרטה האָבן אויף
זינד, דאַווענען און העלפן אָרימעלייט.

## מעשה׳לאך

# פון די קליינע קינדער׳ס וועגען

— פון —

## לעאָן עלבע (ל. באַסיין)

די מעשה׳לאך זיינען געשריבען אין אַ ריינעם אידיש לויט עס ווערט איצט אונטערריכט אין די „מאָדערנע אידישע פאָלקס-שולען״.

די מעשה׳לאך זיינען עכט קינדערשע, אין זיי שפּיגעלט זיך אָפּ דאָס קינדער-לעבען, זייער דענקען, פיהלען און זייער באַגריף איבער אַלעס וואָס זיי זעהען און הערען.

די מעשה׳לאך זיינען געשריבען לויט די פאַנטאַזיעס פון קינדער, און דאָרום וועלען זיי אַפּעלירען צו זייערע יונגע הערצעלאַך, און זיי וועלען עס לעזען מיט גרויס חשק.

די מעשה׳לאַך זיינען געשריבען ספּעציעל פאַר קינדער צו לעזען אין זייער פרייע צייט אין שול און אין הויז. אָבער אויך ערוואַקסענע וועלען די מעשה׳לאַך מיט פאַרגעניגען לעזען, ווייל זיי זיינען זעהר שעהן און אַמוזירענד.

דאָס בוך איז אילוסטרירט מיט פּראַכטפאָלע צייכנונגען פון באַריהמטע אידישע אַרטיסטען.

דאָס בוך ענטהאַלט 256 זייטען, איז שעהן געדרוקט און פיין געבונדען.

פרייז 1 דאָלאַר.

היברו פּאבלישינג קאמפּאני
52-50 עלדרידזש סטריט
ניו יאָרק

# די נייע אידישע שול

## פון י. לעווין

א לעהרבוך פאר אידיש־אנפאנגער צו לערנען לעזען און שרייבען אידיש, מיט צייכנונגען און בילדער. ענטהאלט אויך שעהנע ערצעהלונגען, מעשה'לאך און פאלקס־ליעדער.

דיזער לעהרבוך איז ארויסגעגעבען געווארען פאר דעם צוועק צו לערנען אמעריקאנער אידישע קינדער אונזער אידישען מאמע־לשון, אום זיי זאלען זיך קענען צוזאמענרעדען און צוזאמענשרייבען מיט דעם גרעסטען טייל פון אידישען פאלק, וועלכע האבען געמאכט אידיש פאר זייער פאלקס-שפראך.

דיזער אידישער לעהרבוך איז אזוי איינפאך, דאס ניט נאר לעהרער, נאר אויך יעדער פאטער און מוטער, וואס קען אידיש, קען זיך מיט איהם בענוצען אויסצולערנען זייערע קינדער אין א קורצע צייט צו קענען לעזען, שרייבען און אויסלעגען אידיש.

אויך דערוואקסענע, וועלכע שרייבען אידיש מיט פעהלערן, וועלען זעהר פיעל פראפיטירען דורכגעהענדיג דיזען לעהרבוך, ווייל זיי וועלען דארט געפינען פיעלע זעהר וויכטיגע גראמאטישע און ארטאגראפישע כללים, לויט ווי זיי זיינען אנגענומען געווארען די לעצטע צייט.

גערדרוקט אויף גוטען פאפיער און פיין געבונדען

**פרייז 50 סענט**

נייע אידישע שול 2טער טייל — — — — — — — פרייז 1.25

נייע אידישע שול 3טער טייל (כריסטאמאטיע פרייז 1.65

**HEBREW PUBLISHING COMPANY**

50-52 Eldridge Street New York